יעקב באָטאָשאַנסקי

# הערשעלע אָסטראָפּאָליער.

(טראַגיקאָמעדיע אין 4 אַקטן מיט אַן עפּילאָג)

פאַרלאַג „אויפגאַנג"

בוענאָס איירעס

1927

דרוקעריי און לינאָטיפּ'יע פון קראַסילאָווסקי און פּערצאָווסקי—וואַלענטין גאָמעז 2719, ב. איירעס

# פון מחבר.

באַ די אומות העולם וואָלט ווענן אַ הערשעלע אָסטראָפּאָליער שוין געווען אַ ליטעראַטור אַ גאַנצע: ביאָגראַפיעס און לעגענדן וואָלטן אַ שראַנק פאַרנומען. באַ אונדז איז כמעט גאָר ניטאָ, אַ ביכל מיט בעפערע און ערגערע וויצן, כמעט קיין זכר פון אַ ביאָגראַפיע ניט, אַ חוץ אַ פּאָר שטריכן. באַ אַזאַ אָרעמקייט פון מאַטעריאַל איז געווען ממש ריזיקאַליש צו שרייבן אַ גאַנצע פּיעסע, וואָס זאָל איבערגעבן הערשעלע אָסטראָפּאָליער, אָבער עפּעס איז פאַראַן אין הערשעלען אַזוינס, וואָס רייצט: ער איז געווען אַ לץ באַ אַ רבין, אַ היסטעריקער און אַ טיראַן (ר'ברוכל), ער האָט דעם דאָזיקן רבין פיינט געהאַט, ער האָט אים כסדר נעמוזט פריילעך מאַכן און ער האָט אים דווקא געזאָגט שטעכווערטלעך און טרויעריק געמאַכט. ער האָט אים אַזוי שטאַרק געשטעכווערטלט, אַז דער רבי האָט זיין לץ אַראָפּגעוואָרפן פון די טרעפּ און — אים דערהאַרגעט... הערשל איז געשטאָרבן אַף די טרעפּ באַ ר' ברוכלען.

כ'האָב חלילה אוונדזער פאָלקס־לץ ניט מאָדערניזירט, כ'האָב אים געלאָזט אין די ראַמען און לשון פון זיין סביבה, אָבער פון דעם אָרט און צייט קאַליר, שפּאַרט אַרויס דאָס אומעטומעדיקע און אייביקע. ס'האָט הערשלען אויך ניט געלוינט צו מאָדערניזירן, און די וויצן, וואָס זיינען נאָך אים געבליבן איז פאַראַן אַזוי פיל, וואָס מאַכט אים ניט נאָר פאַר דער קאָמישער, נאָר אויך פאַר דער טראַגישער פיגור: אים „שלעפּט" זיך דאָך נאָך דאָס שטיקל ברויט, וואָס גרייכט ניט אין מויל אַריין, באַ אים איז דאָך אין די צימערן „ג ע מ אַ ל ט", אַז עס זאָל דריי טעג ניט זיין, וואָס צו עסן. די וויצן וועגן דלות זיינען באַ אים אַזוי נוטמוטיק און וועגן די נגידים אַזוי בייסיק. ער איז בייז למאי קהל נעמט אייז שטייער און טאַקסע, נאָר וויל ניט איינגעמען קיין מיתה משונה... און נאָך בייסיקער איז ער צום רבין ר' ברוכל, צו זיין פריץ, וואָס נאָגט אים אויס דאָס חיות.

בכלל אָבער איז הערשל ניט קיין בייסיקער, נאָר אַ גוטער; ער איז דער היפּוך פון זיין קאָנקורענט בייקל חקרן, וואָס איז אַ בייזער, הערשל איז האַרץ און בייקל קאָפּ, הערשל קיילעכיק און בייקל שפּיצעכיק (די רעזשי וועט דאָס דאָזיקע מעגן אין באַטראַכט נעמען) אָבער דאָס האַרץ איז דאָך אויך אַמאָל פאַרביטערט.

איך האָב געזוכט אים פאַרצושטעלן אַזוי ווי דאָס פאָלק שטעלט אים פאָר, און כ'האָב אים געוויזן סיי, ווען ער טוט אָפּ שפּיצלעך גויעס, סיי ווען ער פאַרשמירט זיך מיט סאַזשע, קריכט אַרויס פון דער הרובע און מאַכט נאַרישע העויות, כ'האָב אים געוויזן, ווען ער שטעלט זיך זאָגן לצנות און טאַנצן ווי אַ מאַרשעליק, ווען ער שטעכווערטלט דעם רבין און ווען ער שטאַרבט ווי „אַן אַלטער געשמיסענער הונט"... איך האָב געזוכט אויסצושעפּן אַלצדינג, וואָס איז געבליבן נאָך אים און וואָס האָט אַ ווערט.

הונגער און באַליידיקטע געפילן זיינען געווען אָפטע געסט באַ אים. מאָדנע: וועגן קיינעם האָט ער ניט געמאַכט אַזוינע גוטע וויצן ווי וועגן גנבים, ער איז אַף זיי ניט געווען בייז... אדרבא: ער האָט זיך געשעמט למאי זיי האָבן ניט, וואָס צו גאַנווענען באַ אים...

וואָלט איך געדאַרפט שטעלן אַ מאָטאָ צו מיין הערשעלע אָסטראָפּאָליער, וואָלט איך געשטעלט, אָדער דאָס, וואָס ער זאָגט, באַ מיר, צום רבין ר' ברוכל, וואָס גיט אים ניט קיין פּרנסה און וויל חכמות: אַ ף  אַ  ח כ מ ה  ד אַ ר ף  מ ע ן  האָ ב ן  פּ ו נ ק ט  ו ו י  אַ ף  ש ב ת. אָדער וואָס, וואָס הערשל זאָגט, באַ מיר, בעת ער קריכט אַריין אין הרובע און שמירט זיך אויס: „אַף לאַכנדיק מאַכן, דאַרף מען זיך אויסשמירן".

# פּערזאָנען:

הערשעלע אסטראפּאליער.
גנענדל (זיין פרוי)
סאסיע
זרח — זייערע קינדער.
ברוך
כייקל חקרן
ראש הקהל
גבאי פון חברה קדישא
זישע ראקעס
איוואן זלאדי
סטעפאן גנב
ר׳ ברוכל
האדל (זיין מאמע)
ר׳ נחמן בראצלאווער
איכל (ר׳ ברוכלס גבאי)
ערשטער בחור
צווייטער בחור
דריטער בחור
ראש מאלאטשי
שמש
א גויע (אייער פארקויפערין)
אן אלטע מויד
א בעל עגלה
אן אויפגעקומענער גביר
ערשטע אידענע
א פארבער
צווייטע אידענע
שמשים
חסידים

# ערשטער אַקט

(די בינע: אַ פּאָליש, באַטאַג. אויף בחור ליגט. אַן אַנדערער וואַשט זיך די הענט. דריי שטייען אַרום כייקלען, הערן פּויל.)

בחורים — הערשל איז עפּעס אַנדערש...

כייקל — (שטייט אַף אַ באַנק) און איך זאָג אייך, אַז מ'לאַכט ניט מיטן קאָפּ, אַז מ'לאַכט נאָר מיטן ווי הייסט מען עס, די ליפּן, מיין איך איז... פּשש... יאָ, אַז מ'לאַכט אָן אַ גרונד, אָן אַ, ווי הייסט מען עס, טיפער סודותדיקער כוונה, אָן אַ פּשש... מחשבות עליונות, חקירה, פּשש... האָב איך דאָס טיף אין ווי הייסט מען עס, אין דער ערד...

ערשטער בחור — דו טרוקענער חקרן, דיין געלעכטער איז פּאַרזשאַווערט. הערשעלע לאַכט מיט האַרץ און פון הערשעלען לאַכט מען מיט האַרץ, מיט געפיל, מיט...

כייקל — ווי הייסט מען עס... וואָס הערשל? וואָס געפיל? זאָל דיר הערשעלע געבן אַן עצה, זאָל ער דיר געבן אַ סגולה, אַז די האָר זאָלן וואַקסן, קיין חלומות זאָל ניט קומען, די גלעזער זאָלן ניט פּיקען...

ערש. בחור — אדרבא, ווי אַזוי?..

כייקל — אַז מ'לייגט זיי ניט אַריין אין הייסע וואַסער נאָך קאַלטער, פּיקען זיי ניט...

בחורים — אַט אַ חקירה — כי כי כי, חקירה...

כייקל — טאַקע ברוך השם חקירה. אַט בין איך איינמאָל צוויי נעכט נישט געשלאָפן און נעטראַכט און געוואָלט דערטיפן דעם שכל פון שוועבאַלעך. אַז מען רייבט אָן אַ שוועבעלע אין אַ פּושקאַלע, צינדט עס זיך אָן. פרעגט זיך: צי קומט דאָס פייער פון שוועבעלע, צי פון פּושקאַלע? זאָל איך זאָגן, אַז פון שוועבעלע, פון וואַנען קומט אַזאַ גרויס פייער אין אַזאַ קליין שטעקאַלע? זאָל איך זאָגן פון פּושקאַלע, פאַר וואָס זשע ווערט ניט קיין פייער, אַז מ'רייבט אָן דעם אָן אַנדער זאַך?

בחורים — נו, אדרבא!

כייקל — האָב איך ברוך השם געטראַכט דריי טעג און דריי נעכט און איך האָב אויסגעטראַכט: דאָס פייער קומט ניט פון שוועבאַלע און ניט פון פּושקאַלע, נאָר פון אַנדערן. אַט אַז איך ריר ח״ו אָן הערשלס בתולה, ברענט הערשלס ווייב ווי אַ שטרויענער דאַך און אַז דער ליובאַוויטשער רבי האָט אַנגערירט דעם רבין ר' ברוכל, האָט ער זיך אָנגעצונדן און אַז מ'רירט אָן אַ גביר...

ערשט. בחור — (רירט אָן כייקלען) כייקל, כ'האָב דיך אָנגערירט פאַר וואָס ברענסטו ניט?

צווייט. בחור — ווייסט, אַז דער רבי ר' ברוכל האָט געשיקט אַ משולח צו הערשלען, אַז ער זאָל קומען צו אים?

כייקל — צו וואָס?

צווייטער — אַז ער זאָל אים היילן די מרה שחורה. ער וויל אים געבן דערפאַר אַן עשרות.

ערשט. בחור — אַן איידל געפּאַצקעטער איז ער געווען פון קינדוויז אָן, וויל ער, אַז קיינער זאָל חוץ אים ניט לעבן, וויל ער דאָס טעלערל פון הימל און אַז ניט, ווערט ער מרה שחורהדיק...

צווייט. בחור — און די וועלט זאָגט, אַז הערשל איז געבוירן געוואָרן נאָר בכדי פריילעך צו מאַכן דעם רבין ר' ברוכל.

ערשט. בחור — און ער וועט פאָרן, וועסט זען, און ער וועט ווערן זיין רעכטע האַנט.

כייקל — אַ מאַרשאַלעק זיין; אַ ליץ... און דער רבי אַליין איז אַ גאָר ניט. מיר וועט נאָך רופן אַ גרעסערער רבי, אַז איך זאָל מיט אים לערנען חקירה.

ערשטער — אַט דאָס, וואָס ר'ברוכל רופט הערשלען, רירט אים אָן און ער ברענט רבותי, כייקל ברענט....

כייקל — ווער מיר הערשל, וואָס מיר הערשל... (אַלע דריי בחורים גייען אַוועק פון אים) איך רעד פון חקירה... ריידן זיי מיר פון ווי הייסט מען עס פּשש.. הערשל. ווער איז הערשל? אַ מענטש אָנגעשטאָפּט מיט שטותרייען און נאַרישקייט. איך זאָג ברוך השם חכמה, פילוסופיע און וואָס זאָגט אייך הערשל? און צו הערשלען לויפט מען פון אַלע זייטן. חמורים, פערד...

דריט. בחור — הערשל האָט אַ האַרץ און דו האָסט אַ העמד און אַ ברודיקס.

כייקל — וואָס מיר האַרץ, ווער מיר האַרץ! וואָס דאַרף מען אַ האַרץ, אַז מ'האָט אַ קאָפּ!

**אויפטריט הערשל.**

הערשל — (לויפט אַריין באַהאַלט זיך אונטער כייקלס פּאָלע) שוטה וואָס דו ביסט!

א הארץ דארף מען צו האבן אף וואס צו טראגן א לייבצודעקל, און א קאפ דארף
מען אף צו האבן אף וואס אנצוטון א היטל.

ב ח ו ר י ם — וואס באהאלטסט זיך,הערשל?

ה ע ר ש ל — ניטא די גויע?

כ יי ק ל — וואסארא גויע? ט'האסטו דיר א גויע צום טיש.

ה ע ר ש ל — די גויע פון די אייער.

כ יי ק ל — וואסארא אייער? וואס איז דארטן?

ה ע ר ש ל — די מעשה איז א פשוטע און א פראסטע.

א ל ע — (רינגלען אים ארום, שטעלן אויף מויל און אויערן).

ה ע ר ש ל — כ'האב דאך געמוזט אפטון א שפיצל דער דאזיקער גויע. וואס מאנט זעכציק
קאפיקעס פאר א שאק אייער. אלע נעמען דרייסיק און זי וויל זעכציק. האב איך אנגע־
שטעלט זרחן, אז ער זאל ווארטן ביז איך וועל שוין האלטן אלע אייער אין פארע־
ליק, זאל ער צולויפן און אויסשרייען אף גויאיש: הערשעלע, דיין טאטע איז
געשטארבן. און איך בין מיר צוגעגאנגען צו איר. זיך גענומען דינגען, געגעבן
דרייסיק מיט איין קרענק אין דער זייט, פירציק מיט צוויי קרענק, פופציק מיט דריי
קרענק און צום סוף זעכציק מיט אכציק טויזנט קרענק. זי האט מיר נאר אפגעציילט
די אייער, האט זיך גענעבן א לאז צו מיר זרח מיט א געשריי: גערשקא, טווי
באטקא פאמער, האב איך געגעבן א לאז אראפ דעם פארעליק, די אייער האבן
זיך צוטראסקעט, אז דער גאנצער מארק האט אויסגעזען ווי איין פרעזשעניצע
און איך האב גענומען שטעלן פיס. זי וועט באווייגען מיין טאטנס טויט ע"ה,
מער ווי איך אמאל... ס'האט מיר נאר באנק געטון פאר וואס כ'האב ניט געקענט זען
ווי דער גאנצער עולם האט געלאכט. כ'האב נאר געהערט פון דער ווייטנס דאס
געלעכטער, ס'איז מיר נאכגעלאפן און ס'האט מיך געקיצלט אונטער דער פאכווע...
זי לויפט מיר נאך. זי איז ניטא?

כ יי ק ל — הערשל, הערשל, דו נארסט אפ גויעס און ווילסט, אז איך זאל לאכן?

ה ע ר ש ל — שוטה, איך נאר אפ גויעס, וואס ווילן טייער, אבער די דאזיקע, וואס נעמען
ביליק נאר איך ניט אפ.

כ יי ק ל — מע! ס'האט מיר א פנים ווי חוזק די גאנצע מעשה. ראשית: פון וואנען איז
גערדרונגען, אז ווען אייער פאלן אראפ, ווערן זיי צעבראכן? והשנית: ווי אזוי מעג
מען דאס עובר זיין אף בעל תשחית?

ה ע ר ש ל — דו טרוקענע פידעשווע! דו אליין ביסט דאך אויך תמיד עובר אף בעל תשחית?

כ יי ק ל — איך?

ה ע ר ש ל — נו, יא, דו! זיצסט כסדר און רייבסט אוים די הויזן, ווען וואלסט ארומגעגאנ־
גען, וואלסטו זיי ניט אויסגעריבן.

א ל ע — (לאכן)

## א ו י פ ט ר י ט  ד י  ג ו י ע

ג ו י ע — א בראד נא מי גאלאווי. דע טוט הערשקע? ווין בא מיר זאבראוו א שאק יאיציוו
און ווסי צעבראכן...

א ל ע — (פארשטעלן הערשלען)

ע ר ש ט. ב ח ו ר — (ווייזט אף דער טיר פון קלויז) טוט ווין ער באהאלטן.

ג ו י ע — (לויפט אריין) הערשקע, נא שא מני טאקע גרויסן שפיצל?..

ה ע ר ש ל — אז די גויע לויפט אין בית מדרש אריין, מוז הערשקע לויפן אין מארק
אריין (אפ).

כ יי ק ל — איי איי, אן ערלית אליין אין בית מדרש. טשויעטע... גויע.

ג ו י ע — (קומט צוריק) ווין נעמא, א בראד צו מיר, א שאק יאיציוו וושיסטקי צובראכן...

כ יי ק ל — ווין דורנעי משוגע.

ג ו י ע — (וויינענדיק) פראוודא, דורנעי משוגע, פראוודא... (אפ).

ען ר ש ט. ב ח ו ר — אט ווער ס'האלט מיט כייקלען. די גויע פון די אייער...

כ יי ק ל — דער יסוד פון דער וועלט איז נאר חקירה. אט בין איך היינט א גאנצע נאכט געלגן
מיט אפענע אויגן און געטראכט פון מהות פון דער וועלט; איך האב געשוועבט אין
די עולמות העליונים און אין די תחתונים, אין די תחתונים און עליונים און ווידער
עוליונים און ווידער תחתונים און איך האב געוואלט דערגייען דעם גרויסן טיפן
סוד פון שטיוול פוצן.

א ל ע — פשש...

כ יי ק ל — און איך בין ברוך השם, ווי הייסט מען עס, פשש דערגאנגען מיט מיין שכל...

## אויפטריט הערשל

ה ע ר ש ל — געפּאטערט די גויע? אזא ירידה, בייקל, פון די עליונים אין די תחתונים אריין און פון דאָרט אין די שטיוול אריין...

ב יי ק ל — חמור! דער עיקר בא שטיוול פּוצן איז ניט די שוכוואקס, נאָר דאס רייבן. אז מ׳רייבט אייזן באקומט דאָס אויך א גלאַנץ. דעם ארבל, אז מ׳רייבט אין טיש, באקומט ער א גלאַנץ.

ה ע ר ש ל — (שלעפּט ארויס פון בייקלס געלעכערטן עלנבויגן דאָס העמד) שוטה, (בא דיר גלאַנצט דאָך דאָס העמד ניט דער עלנבויגן.

ב יי ק ל — מיט א שטעקן האָב איך געריבן א פּאָר שיך, האָבן זיי אויך באקומען א גלאַנץ, אָט וועל איך זיי אייך ווייזן. (קריכט אראָפּ)

ה ע ר ש ל — (שטעלט זיך אף זיין פּלאַץ) די טויטע שטייען ניט אויף, ווייל זיי פּוצן ניט קיין שיך מיט קיין שטעקענעס.

ב יי ק ל — (שלעפּט ארויס פון אונטער דער באנק א פּאָר שיך, פּאַרנט אינגאנצן אפּגעריסן) איר זעט ווי ס׳גלאַנצט?

ה ע ר ש ל — ווי דער דלות. כ׳האָב שוין לאַנג געזאָגט, אז דו ביסט א טרוקענע פּידעשווע.

ב יי ק ל — (רוקט זיך צו צו אים, קוקט ארויף) הערשל, פאר וואס שטעלט מען אויף מויל און אויערן צו הערן דיינע נארישקייטן און מיינע טיפע חקירות, מיין פילוסופיע וועגן דער וועלט, וויל מען ניט אויסהערן?

ה ע ר ש ל — איך רעד, ווי ס׳רעדט זיך, הערט מען, דו אָבער מאכסט אַנשטעלן. כ׳וועל דיר דערציילן א מעשה: די הון איז אַמאָל געקומען מיט טענות: מיין פלייש איז בעסער פון דעם האַנס, איך לייג אייער און דער האָן ניט און צום סוף איז דער האָן חשובער פון מיר. היתכן? האָט מען איר געענטפערט: ס׳איז דערפאר, ווייל דער בחור מיטן רויטן קאם, דער האָן הגדול קרייעט און דו, הון, ניט. האָט די הון אויך אָנגעהויבן קרייען, האָט מען זי געטראָגן צום שוחט: האָט זי געפרעגט: פאַרוואָס? דער האָן קרייעט דאָך אויך? האָט מען איר געענטפערט: דער האָן קרייעט, ווייל עס קרייעט זיך, אָבער דו קרייעסט דאָך, ווייל דו ווילסט זיין חשוב, קום זשע צום שוחט. איך קרייע ווי א האָן און דו, ר׳ בייקל כאַכאַקרען קרייעסט ווי א הון...

א ל ע — (לאַכן)

ב יי ק ל — לאָמיר זיך פאַרהערן אין חכמה.

ה ע ר ש ל — לאָמיר.

ב יי ק ל — זאָג מיר נאָר איך בעט דיך, אז איך זאָג אָפּ, אום שבת גאַנץ תהילים, דארף איך נאָך זאָגן ברכי נפשי?

ה ע ר ש ל — אַז א בעל עגלה פירט א פולן וואָגן מיט סמאָלע, דאַרף ער דען ניט שמירן די רעדער?

ב יי ק ל — איך האָב אויסגעחקירהט ברוך השם, אז ווען מ׳וואַשט דעם קאָפּ מיט בראָנפן, וואַקסן גוט די האָר.

ה ע ר ש ל — ווען דאָס זאָל זיין אמת, וואָלט בא מיר אין גאָרגל שוין לאַנג געוועזן א באָרד פון עטלעכע אַרשין...

ב יי ק ל — וואָסאַרא כלה וואָלט געוועזן די בעסטע פאַר מיר?

ה ע ר ש ל — א שיינע, א רייכע און א משוגענע!

ב יי ק ל — צו וואס נאָך א משוגענע?

ה ע ר ש ל — אז זי וועט זיין שיין און רייך און ניט משוגע, וועט זי דאָך דיך ניט נעמען.

ב יי ק ל — ביסט א ליץ.

ה ע ר ש ל — כאָטש באמת קומט דיר א סאך נדן.

ב יי ק ל — פאַר וואָס?

ה ע ר ש ל — אַמאָל פלעגט א פערד קאָסטן פינף און צוואַנציק רובל, היינט קאָסט דאָס איבער הונדערט רובל. א חזיר, וואָס פלעג קאָסטן פינעף רובל, קאָסט היינט איבער צוואַנציק און א בחור, וואָס פלעג נעמען צוויי הונדערט גילדוין נדן, נעמט היינט צוויי טויזנט, היינט, אז דו ביסט אי א פערד, אי א חזיר, אי א בחור, וויפיל זשע קומט דיר?

ב יי ק ל — (גייט אָפּ אין א ווינקל) גיי, ביסט א פּאַסקודניאַק.

ה ע ר ש ל — אַמאָי...

## אויפטריט גנענדל

ה ע ר ש ע ל ע — (שפרינגט אַראָפּ) מיין אידענע איז געקומען, איך בין שוין (אויס) ליט (שטעלט זיך דאַווענען).

גנענדל — שטייט און דרשנט און אין דער היים איז ניטא ניט אף פּריטיק צונאכטס, ניט אף שבת באַטאָג, ניט אף שלוש סעודות, ניט אף ערב שבת און ניט אף אַ גאַנצער וואָך...
הערשל — אידענע, ווער האָט דיר געהייסן קומען אַהער?
גנענדל — די צרות האָבן געהייסן.
הערשל — ווער צרות, וואָס צרות? די גאַנצע וועלט לאַכט פון מיר?
גנענדל — דו לאַכסט אָבער ניט פון דער וועלט.
הערשל — ס'הייסט איך לאַך ניט פון דער וועלט? וואָס מער דלות, אַלץ מער לאַכט זיך און די וועלט וועט לאַכן פון מיר דורות גאַנצע. אידענע, גיי אַ היים, אף שבת וועט מירטשעם סיי ווי ניט זיין, אַ אידענע טאָר ניט קומען אין פּאַליש אַריין.
גנענדל — אַ זאַטע טאָר ניט קומען, אַ הונגעריקע מעג.
הערשל — געהערט לשון פון הערשלס אידענע. גיי אַ היים, ווייל איך ברענג באַלד דעם פּריץ.
גנענדל — אוי, פאַרן פּריץ אַנטלויף איך.
ערשט. בטל. — וואָס איז געווען מיטן פּריץ?
גנענדל — איך האָב אים אַמאָל ניט געוואָלט פּאָלגן, איז ער געגאַנגען צום פּריץ, וואָס קאָן זיין אַ רופא און אים געזאָגט, אַז ס'טוט מיר שטאַרק ווייַ אַ צאָן, נאָר כ'האָב מורא אים אַרויסצונעמען. איז געקומען דער פּריץ און גענומען פרעגן וואָס אַרא צאָן טוט מיר ווייַ. איך האָב געשריגן, אַז ס'טוט ניט ווייַ, דער פּריץ האָט אָבער ניט געגלויבט און הערשל האָט אים אָנגעוויזן אַפן געזונטסטן צאָן און ער האָט אים אַרויסגעריסן אַזוי ווי אַ דעמב.
בייקל — און פון דער חכמה ווילט איר, אַז איך זאָל לאַכן?
ערשט. בחור — ס'איז טאַקע ניט הערשלס חכמה, מ'האָט זי אים צוגעטשעפּעט...
גנענדל — הערשל, וואָס טראַכסטו דיר? איך דאַרף אף שבת.
הערשל — שאַ, ס'וועט שוין זיין רעכט, וואַרט צו.
גנענדל — (זעצט זיך אַוועק)
הערשל — (צום ערשטן בחור) וועטן מיר, אַז דו וועסט מיר ניט קאָנען פאַרענטפערן אַ וויש לישב?
ערשט. בחור — איך? וואָס רעדסטו? ווייסעד וואָס. ווייסעד וואָס...
הערשל — וועטן מיר...
ערשט. בחור — אף וויפיל?
הערשל — אף צוויי גראַשן.
ערשט. בחור — אף פיר.
הערשל — מילא, איינגעלייגט.
ערשט. בחור — איינגעלייגט. באַם שמש. שמש! ט'האָסטו אַכט גראַשן, אַז איך וועל פאַרענטפערן דעם וויש לישב, וועסטו מיר זיי געבן, אַז ניט אים.
שמש — (כאַפּט זיך אויף, קומט צו) ס'וועט שוין זיין אף משקה. (נעמט דאָס געלט).
הערשל — (נעמט אַ גמרא, ווייזט אים)
ערשט. בחור — גזלן, עוכר ישראל, דעם דאַזיקן קאָן דאָך קיינער ניט.
הערשל — שש... שמש. דאָס געלט... (מאַכט דורך די זעלבע סצענע אף שטום לשון מיט אַלע בחורים און מיט בייקלען) אידענע, ט'האָסטו אף שבת און לויף אַ היים.
אַלע — הערשל, זאָג זשע דו אונז דעם וויש לישב.
הערשל — איך ווייס אויך נישט און נאָט אייך אויך פיר גראַשן, אידענע לויף אַ היים און מאַך אַ פריש פּלעצל. קום ניכער...

הערשל, גנענדל אָפּ.

ערשט. בחור — הערשל ווערט ניט פאַרפאַלן.
בייקל — ווי הייסט מען עס פּשש. איך האָב ברוך השם אויסגעבקירעט שענערע זאַכן.
צווייט. בחור — אָבער נאָר ניט ווי אַזוי מ'האָט אף שבת.
בייקל — איי איי... אַלע עמי הארצים האָבן אף שבת.

אויפטריט ר' איכל

איכל — (קומט אַריין, דרייט זיך, זוכט)
בייקל — (רוקט זיך צו צו אים) שלום עליכם.
איכל — עליכם שלום
בייקל — מאַין באַת? פון וואַנען?
איכל — פון מעזשביזש.
בייקל — אזש...

א י כ ל — קענט איר ניט א יונגענמאן דא, א שוחט, וואס הייסט הערשל?
כ יי ק ל — איין הערשל פאראן אין אסטראפאליע?
א י כ ל — ער איז א שם דבר.
ע ר ש ט. ב ח ו ר — אף הערשלען פרעגט איר? שלום עליכם.

צווייטער, דריטער — שלום עליכם. פון וואנען?

א י כ ל — פון מעזשביזש. און טאקע פון ר' ברוכלען.
א ל ע — פשש...
א י כ ל — קענט איר ניט א יונגענמאן הערשל?
ע ר ש ט. ב ח ו ר — אווארע.הערשעלע, הערשעלע... וואס דארפט איר אים?
א י כ ל — איך האב א גרויסע בשורה פאר אסטראפאליע: דער רבי ר' ברוכל, וואס איז ארייגעפאלן אין א גרויסער מרה שחורה צוליב מחלוקתן, האט מסכים געווען, אז מ'זאל אים ברענגען דעם לץ פון אסטראפאליע, הערשעלען.
א ל ע — איי, איי, איי...
א י כ ל — דער רבי ר' ברוכל איז דער צדיק הדור, דאס אייניקל פון בעל שם, דער גרעסטער רבי פון אונזער דור. האדל דעם בעל שמס טאכטער האט אים געבאדן אין פוטער און אין זייד... נאר א מרה־שחורה האט זיך פון קינדווייז אן ארייגעגאנוועט אין הארצן אריין און זי נאגט און נאגט... און אז ער איז עלטער געווארן, האט ער נאך אנגעהויבן צו פירן מחלוקתן, איז די מרה שחורה געווארן נאך שטארקער.
א ל ע — איי, איי, איי...
א י כ ל — ער רעדט ניט צו קיינעם, ער איז פארפינצטערט... נאר הערשל קען אים ראטעווען. מ'זאגט, אז מ'האט אים באשאפן צוליב אים.
ע ר ש ט. ב ח ו ר — ער וועט ניט פארן.
א י כ ל — ער מוז...
ע ר ש ט. ב ח ו — אין אסטראפאליע וועט ווערן טונקל.
צ ו ו יי ט ע ר — טאקע פינצטער.
ד ר י ט ע ר — און טרויעריק און וויסט
א ל ע — (וויינען)
א י כ ל — וואו זשע איז ער?
ע ר ש ט. ב ח ו ר — מסתמא געגאנגען עפעס אפטון א שפיצל א נגיד א חזיר.
א י כ ל — וועלן מיר אים גייען זוכן. טאמער קומט ער, זאגט אים די בשורה, אבער פאוואלי. כ'מיין... א גוטן... ט'האט איר. ניין! שפעטער געבן תיקון. (אפ)
א ל ע — (צו כייקלען) געהערט?
כ יי ק ל — שייך זאגן? א מארשעליק. בע מע...
ע ר ש ט. ב ח ו ר — ביסט א משוגענער, כייקל...

אויפטריט ראש הקהל.

א ל ע — (זעצן זיך לערנען)
ר א ש ה ק ה ל — מה טובו אוהליך יעקב, פשש... הא! זיצן בחורים און... מהיכי תיתא... זאג נאר, דו, עס פעלט דיר, דוכט זיך, א מאנטיק, ניט געזארגט, איך וועל אי"ה איבערראכטאג פרעגן. און דיר פעלט וואס?
צ ו ו יי ט ע ר ב ח ו ר — א דינסטעק.
ר א ש ה ק ה ל — ס'וועט זיין, אם ירצה השם.

אויפטריט הערשל.

ה ע ר ש ל — (צוגעבונדן א שטיקל ברויט בא דער קאפאטע און באם גארטל.)
ר א ש ה ק ה ל — וואס טוסטו, הערשל?
ה ע ר ש ל — איר זעט דאך, ס'שלעפט זיך דאס שטיקל ברויט.
ר א ש — איז דאך גוט.
ה ע ר ש ל — ניט גוט. אין מויל אריין דערגרייכט דאס ניט. אייך ברוך השם איז גוט, דער רבונו של עולם האט אייך פארזארגט, האט איר צייט צו פארזארגן קהל. דער חילוק איז נאר, וואס דער רבונו של עולם, אז ער פארזארגט אייך, גיט ער אייך און איר, אז איר פארזארגט קהל, נעמט איר עפעס בא קהל.
ר א ש — עי, נעמסט דאך שוין רעדן שטותים.
ר א ש — זאג מיר עפעס אזוי א שיינעם ליגן און איך גיב דיר שוין א קערבל.
ה ע ר ש ל — איר האט דאך נאר וואס געזאגט, אז איר גיט צוויי.
ר א ש — א שיין ווארט, כ'לעבן.
ה ע ר ש ל — וואו זשע איז דער רובל?

ר א ש — שיין וועלן מיר אויסזען, אז מיר וועלן פאר יערן ווארט געבן א רובל.
ה ע ר ש ל — איי, איי איי... אז מ'טראגט ארום קהל אין קעשענע, מעג מען אמאל מאכן א לאך אין בייטל.
ר א ש — זאג מיר נאר, הערשל, פאר וואס גייסטו אזא צוריסענע קאפאטע?
ה ע ר ש ל — איך האב אין קאסטן א נייע קאפאטע.
ר א ש — פאר וואס זשע נעמסטו זי ניט ארויס?
ה ע ר ש ל — ווייל דער קאסטן איז פארשלאסן.
ר א ש — שליסט מען זי אויף?
ה ע ר ש ל — ליגט אבער דער שליסל אין קאסטן...
ר א ש — א גלייך ווארט.
ה ע ר ש ל — דער שליסל פון אייער הארץ ליגט אויך אין קאסטן. איך דארף אף שבת און מיין ווייב דארף אף שבת און מיין שכנה אויך. בארגט מיר א פאר רובל.
ר א ש — בארגן דיר? אף וואס קוקנדיק?
ה ע ר ש ל — א דאגה איר האט! ביז וואנען איך וועל דארפן באצאלן, וועט דער רבונו של עולם נעמען בא אייך און מיר געבן.
ר א ש — דאס איז דאך שוין פשוט א קללה...
ה ע ר ש ל — מיט קיין ברכה זע איך דאך, וועל איך בא אייך קיין גראשן ניט נעמען.
ר א ש — און פאר א קללה זאל איך געבן דיר אהאלבן רובל? קהל וועט דיר נאך די לייכטער צונעמען פאר דעם רובל, וואס קומט שוין פון דיר. מארגן וועט מען זיי צונעמען.
ה ע ר ש ל — קהל וועט נעמען און איר וועט זיי האבן. איך זע שוין, אז פון א חזירישן עק מאכט מען ניט קיין שטריימל און פון א קהלשן קאפ מאכט מען ניט אף שבת. אן עצה וועל איך אייך יא געבן: איבער הונדערט און צוואנציק יאר זאלט איר אייער גאלד ניט מיטנעמען, ווייל ס'שטייט אין א סכנה.
ר א ש — פאר וואס?
ה ע ר ש ל — ס'וועט צושמאלצן ווערן. איר וועט אם ירצה השם זיין אפן הייסטן פלאץ אין גהינום.
ר א ש — ביזט א חוצפהניק.
ה ע ר ש ל — איך דארף נויטיק אוועקגייען, נאר איך האב זיך געוועט, מוז איך בלייבן.
ר א ש — אף וואס האסטו זיך געוועט.
ה ע ר ש ל — איר וועט שוין שפעטער זען. גיט מיר א שוועבאלע.
ר א ש — נא און ברעך דעם ראש.
ה ע ר ש ל — גיט זשע מיר שוין א ציגאר אויך.
ר א ש — (ווארפט אים בייז א ציגאר אין שטערן אריין)
ה ע ר ש ל — איר האט מיך באליידיגט. אידן, ער האט מיך באליידיקט. איר זענט אלע עדות, צום רב קומט.
ר א ש — איך... נא דיר א האלבן רובל... נא...
ה ע ר ש ל — (נעמט) כ'האב זיך געוועט, אז איך וועל בא אייך ארויסשלעפן א האלבן רובל. חברה, מיר האבן אף משקה, השם יתברך זאל העלפן, אז אלע קבצנים זאלן ווערן נגידים און די נגידים זאלן ווערן אויך שטיקלעך נגידים. א גוטן. (אפ)
ר א ש — אזא לץ. מע! קהל וועט ניט שענקען. מה טובו אוהליך, יעקב. לערנט, קינדערלעך, לערנט... (אפ).
כ יי ק ל — ער שלעפט פון טויט און פון לעבעדיק, טאקע ר' הערשל.
ע ר ש ט. ב ח ו ר — בא איינעם שלעפט ער און אן אנדערן גיט ער. ער לויפט ארום און טיילט צו ארעמע־לייט די האר, וואס ער שלעפט ארוים בא הזירים.
כ יי ק ל — האר, האר... פש פש... ער טיילט... פששש...

אויפטריט גבאי פון חברה קדישא.

כ יי ק ל — אז איר קומט, איז א שלעכטער סימן.
ג ב א י — די חברה קדישא באגראבט ברוך השם נאר טויטע, קיין לעבעדיקע באגראבט זי חלילה ניט.
כ יי ק ל — פונדעסטוועגן, אז מען דערזעט אייך, דערמאנט מען זיך אין ווי הייסט מען עס, אין טויט...
ג ב א י — ווער דערמאנט זיך, אז ס'זיינען ניטא קיין טויטע? זייט איך בין ברוך השם גבאי, שטארבט יעדן חודש וויניקער אפשר מיט 30 אידן.
כ יי ק ל — א מזלדיקער גבאי.
ג ב א י — ניט גאר קיין מזלדיקער. די הכנסה איז רחמנא ליצלן קלענער.

הערשל — (רוקט אריין דעם קאַפּ, דערזעט דעם גבאי) אזוי? ער? דער שבצהס שכנה וועט שוין אויך אם ירצה השם האָבן אַף שבת. (קומט אריין) אוי אוי... דריי קליינע קינדערלעך געלאָזט. דריי עופהלעך.

ערשטער בחור — ווער? וואָס? ווען?

הערשל — טאַקע מיין גנענדל. געשטאָרבן. אזוי ווי אַ טייבעלע פאַרמאַכט די אויגן.

אַלע — וואָס רעדסטו?

הערשל — אַט ערשט געווען אַ מענטש, ס'הייסט געהאַט אַ נשמה און אַלצדינג, וואָס מ'דאַרף און איצטער אַ באַרג, אַ באַרג אַראָפּ. און באַ אַ קבצן איז דאָס נאָך אַ מכה אַף אַ פרישטשעק. ניטאָ קיין תכריכים, קיין ליכט אפילו... מ'דאַרף אַ לויף טון צום גבאי פון חברה קדישא. אפשר וואָלסט אַ לויף געטון, בחור? מה אנו ומה חיינו, אַ מענטש לעבט גלייך ער גיט אַ לעק, און שטאַרבט גלייך ער גיט אַ שמעק....

הערשל — דאַרף מען דאָך אייך ניט זוכן, ווייַ און וואונד איז מיר. אייך האָב איך געוואָלט בעטן, אז איר זאָלט... דער קאָפּ איז מיר צוטראָגן... דריי עופהלעך. ס'איז פול דאָס בעט, ווייַ איז מיר... געשטאָרבן, גלייך אַ טאָפּ אַרבעס אויפגעגעסן...

גבאי — מילא. אַף דעם מוז מען דאָך. טהאָסטו אַף ליכט און אַף תכריכים און ס'איבעריקע וועל איך שוין הייסן ברענגען.

הערשל — און אַ שיין פּלאַץ זאָלט איר זען. לייטישער פון אייך געווען נעפּריטשקעס און באַם לעבן גענוג געוואָן אַף ניט שיינע פּלעצער.

גבאי — מילא. כ'מיין...

הערשל — און די קינדערלאַך עפעס דאַרף מען ניט? דעם טויטן פאַרזאָרגט מען דאָ באַ אונדז תיכף און די לעבעדיקע...

גבאי — מילא, ט'האָסטו פאַר די לעבעדיקע. מאָרגן איז אם ירצה השם די לוויה?

הערשל — מאָרגן מירטשעם באַגראָבט מען זי... לאָמיך לויפן. אוי ווייַ איז מיר, דריי עופהלעך... אַפן טויט לייגט מען באַ אידן דאָס לעבעדיקע, דאָס לעבעדיקע אַפן טויטן. שטאַרבט, אידן, וועט מען אייך געבן אַף קבורה...

גבאי — וועל איך לויפן הייסן אָנזאָגן, אז מ'זאָל ברייגגען די טהרה־ברייט, די מיטה... (אָפּ)

הערשל — איר וועט נאָך זען, ווי מ'וועט מיר קומען פאַרשלעפּן גנענדלען מיט דער מיטה אַ לעבעדיקע.

כייקל — זי וועט זיך נאָך דערשרעקן.

הערשל — פּערד! דערשרעקן! זי ווייסט דאָך, אז זי איז ניט געשטאָרבן. חברה מיר טרינקען משקה. שמש, גיט אַ פּאָר לעק.

שמש — (דערלאַנגט בראַנפן.) און אַ פּאָר קיכלעך אויך?

הערשל — קיכלעך אויך. איך האָב דאָך היינט יאָ געגומען פון טויט און לעבעדיק.

אַלע — (רינגלען אים ארום, זעצן זיך אוים) לחיים, השם יתברך זאָל העלפן, אז מיר זאָלן לעבעדיקערהייד נעמען באַ דער חברה קדישא.

אַלע — כאַ כאַ כאַ...

הערשל — איינעם מוז איך נאָך אָפּטון אַ שפּיצל. ווער האָט אַ נייע קאַפּאָטע?

ערשטער בחור — איך!

הערשל — גיב זי אהער אָן טענות.

ערשטער בחור — ס'איז דאָך מיין איינציקע...

הערשל — אָן טענות... זאָל איך אזוי ניט אָנקומען צום רבי'ן ר' ברוכל, ווי ס'וועט דיר הנאה טון.

ערשטער בחור — ווילסט ניט אָנקומען צום רבין ר' ברוכל?

הערשל — כ'האָב אים פיינט תכלית שנאה דעם דאָזיקן רבין, וואָס פאַרזשערעט די גאַנצע וועלט און וויל ניט, אז ס'זאָל זיין נאָך איין רבי און קריגט זיך מיט דער גאַנצער וועלט. האָסט שוין געזען אַ רבי זאָל דאַרפן האָבן אַ לץ? דאָס שלעכטיקייט אין אים מאַכט אים מרה־שחורהדיק...

כייקל — פּאַרוואָס־זשע ווילסטו פאָרן? לאָז מיר.

הערשל — איך וויל פאָרן... איך האָב מורא פאַר אים. נאָר דער דלות וועט מיך טרייבן צו ר' ברוכל. דו ווילסט פאָרן? פון דיר וועט ער דאָך וויינען. גיב זשע מיר די קאַפּאָטע.

ערשטער בחור — נאַ, נאַ...

הערשל — (טוט זי אָן, פּוצט זיך.) שמש, עס וועט באַלד אריינקומען אַ איד אַ נגיד, זישע ראַקעס הייסט ער. ער איז אַ פּאַסעסאָר, האָט צען בנים און קיין איינער איז ניט

אין יונים און א קמצן, א וועלט האט עס ניט, ער שלאפט אפן געלט. זוכט ער א בחור פאר זיין טאכטער, זאלסטו אים זאגן, אז מיר טרינקען דא משקה, ווייל איך בין א נייער בחור אין בית מדרש, א מופלג, ערשט נעקומען.

ש מ ש — הערשל, גנענדל וואס וועט זאגן?

ה ע ר ש ל — האסט דאך געהערט, אז זי איז שוין... האב ניט מורא, איך וועל זי ניט מאכן פאר קיין עגונה.

ע ר ש ט ע ר ב ח ו ר — (צום צווייטן) זאג זשע א ניגון.

צ ו ו יי ט ע ר — (הויבט אן ברומען).

ה ע ר ש ל — ס'טויג ניט. מיר וועלן שוין היינט טרינקען משקה און א סאך. כייקל, ווילסט אף שבת?

כ יי ק ל — צי איך וויל? א שאלה! נאר...

ה ע ר ש ל — ווערסטו האבן, זאלסט מיר נאר פרעגן שאלות. ווען איך וועל דיר געבן א שטורכע. און איר אלע זאלט וויסן א בחור א מופלג...

צ ו ו יי ט ע ר — זאג זשע דו א ניגון, הערשל!

ה ע ר ש ל — מהיכי תיתא. וועלן מיר זינגען. עפעס אזוי א ניגון, וואס גיט א ציפ באם הארצן איי, איי...

אך טי מיקיטקא, מיקיטקא
שא ס'טאבי בודע...

אויפטריט זישע ראקעס

ז י ש ע ר א ק ע ס — (זעצט זיך אף אן עק באנק, הערט זיך צו).

ה ע ר ש ל — (זינגט שטילער).

ש מ ש — שלום עליכם. א כלי שלימה.

ז י ש ע — עליכם. ווער?

ש מ ש — (אף הערשלען) ער. היינט געקומען. זינגט און זאגט פשט...

ז י ש ע — א בחור.

ש מ ש — דאס האט ער דאך געגעבן תיקון, היינט געקומען צו אונז אין בית המדרש אריין.

ה ע ר ש ל — דער איד אליין דארף אויך געבן תיקון.

ז י ש ע — (רוקט זיך אפ).

ה ע ר ש ל — מילא תיקון ווילט איר ניט געבן, אבער אף א גלייך ווארט זענט איר דאך א בעלן? די גמרא זאגט: אים פגע בך מנוול זה, אויב ס'האט דיר באגעגנט דער פאסקודניאק, דער יצר הרע, שלעפ אים אין בית המדרש אריין און דערפאר טאקע, אז אן אורח קומט אין א פרעמדן בית המדרש, דארף ער געבן תיקון, ווייל מ'קאן צו אים זאגן: מילא פון אונזערע פאסקודניאקעס, מוזן מיר ליידן, אבער פון פרעמדע פאסקודניאקעס דארפן מיר דאך ניט ליידן.

ז י ש ע — (רוקט זיך אפ, לאכט מיט יאשטשערקעס).

ה ע ר ש ל — פונדעסטוועגן: שלום עליכם.

ז י ש ע — עליכם שלום.

א ל ע — שלום עליכם.

ע ר ש ט ע ר ב ח ו ר — ס'איז א יונגערמאן, וואס ווייזט חריפותן פלאי פלאות....

ה ע ר ש ל — כייקל, נעם טענהן. ווילסט דאך אף שבת.

כ יי ק ל — וואס האסטו בעסער ליב: א רייכן ברית אדער א רייכע לוויה?

ה ע ר ש ל — אוודע א רייכן ברית. ווייל פון דעם רייכן ברית וועט דאך שפעטער ווערן א רייכע לוויה, אבער פון א לוויה ווערט שוין גארניט חוץ ווערים.

כ יי ק ל — וואס איז נוצלעכער: די זון, צי די לבנה.

ה ע ר ש ל — אוודע די לבנה. די זון שיינט דאך באטאג, ווען ס'איז סיי ווי ליכטיק.

כ יי ק ל — פאר וואס האט מען אדם הראשונען ארויסגעטריבן פון גן עדן.

ה ע ר ש ל — מסתמא האט ער ניט געצאלט קיין דירה געלט.

כ יי ק ל — פאר וואס קומט ניט משיח אזוי לאנג?

ה ע ר ש ל — כדי דער יין־המשומר ווין זאל אלט ווערן, וועט עס בעסער זיין צום טרינקען.

כ יי ק ל — די וועלט איז דאך היינט אזוי זינדיק, פאר וואס זשע קומט ניט קיין צווייט מבול?

ה ע ר ש ל — ער איז שוין לאנג דא. ווען נח האט געפלאנצט דעם וויינגארטן האט ער דערמיט געבראכט א צווייטן מבול, פון וועלכן ס'זיינען אומגעקומען א סאך מער מענטשן ווי פון ערשטן.

כ יי ק ל — פון וועלכער צייט האבן מענטשן אנגעהויבן שטארבן?

ה ע ר ש ל — זינט די מענער האבן אנגעהויבן צו פאלגן די ווייבער.

כ יי ק ל — וועלכע נאציע איז די חשוב'סטע אין דער וועלט?

הערשל — די אסיגנאציע.

זישע — פלאי פלאות... זענט איר א בחור? כ'מיין?.. איך גראד זוך א חתן... איר האט נאך קיינעם ניט געגעבן די האנט, דאס ווארט?

הערשל — פריי ברוך השם אזוי ווי א ווינט אין גאטס פעלד.

שמש — תורה, חכמה און אפילו סחורה.

הערשל — און אפילו געפוצטע שטיוול. איך קאן גויאיש ריידן. ווייסט איר וואס, חברה, לאמיר זיך צונויפקלייבן און שיקן נאך אביסל משקה.

זישע — צו וואס דארפט איר זיך צונויפקלייבן, אז בא מיר איז שוין צונויפגעקליינט? דער שמש וועט אונז שטעלן אביסל משקה.

ערשטער בחור — ער האט צובייסן אויך.

זישע — צובייסן. שמש, ברענג! און איך וועל נאך אם ירצה השם שטעלן...

שמש — (שטעלט משקה, צובייסן).

זישע — לחיים, לחיים...

הערשל — בייקל, שלעפ א גמילות חסד.

בייקל — (צו זישען) שדכנות־געלט אם ירצה השם וועל איך נעמען...

זישע — אם ירצה השם.

בייקל — א יא, הערשל, הא?

הערשל — געוויס, געוויס, און דערווייל טאקע שוין א גילדן אף שבת אן אדערויף...

זישע — מהיכי תיתא. (גיט בייקלען) לחיים, לחיים.

הערשל — יחדיו, א נו, א ניגון...

ערשטער בחור
צווייטער „ } (הויבן אן זינגען)
דריטער „

הערשעלע — און טאקע א ריקודל אויך. א נו, סטראיסא... זאל דלות ווייזן ווי אזוי ער טאנצט... א נו, שטארקער (עס ווערט א ראד, א לעבעדיקער).

בייקל — (אין מיטן טאנצן, שרייט) עס איז אמת, הערשעלע וואס מ'זאגט אז דו שלאגסט דיין ווייב מיטן שטעקן און זי דיך מיט דער קאטשערע?

הערשל — ניט אמת. עס טרעפט אמאל פארקערט אויך.

זישע — וואסארא ווייב.

הערשל — ס'איז א חכמה אזא; א מענטש מוז דאך מאכן א חכמה, אז ניט קאן מען דאך דערוואָרגן ווערן. דאס געלעכטער שטיקט... (לאכט)

אלע — (לאכן מיט, טאנצן, זעצן זיך אנידער)

זישע — ער געפעלט מיר דער בחור. היינט נאך וועלן מיר מאכן א האנטשלאג.

ערשט. בחור — און איך וועל אויך נעמען אביסל שדכנות געלט.

זישע — נאדיר א גילדן (גיט).

הערשל — יחדיו...

צווייטער — און מיר אויך.

הערשל — יחדיו.

דריטער — און מיר אויך.

הערשל — יחדיו.

זישע — אלע, אלע (גיט)

שמש — און מיר אן אדערויף אפן רחש.

זישע — דיר אויך...

הערשל — זינגט ווייטער, חברה... זינגט.

זישע — היינט נאך א האנטשלאג.

הערשל — א ריקוד, א ריקוד...

אלע — (זינגען, שטעלן זיך טאנצן)

הערשל — היינט נאך א האנטשלאג. (צעברעכט א טעלער)

אויפטריט סאסיע.

סאסיע — טאטע, גיכער... קום א היים... די מאמע האט געזאגט ס'איז געקומען א משולח פון רבין ר' ברוכל... וויל אונדז געבן א סך געלט... וויל אונדז נעמען אלע קיין מעזשביזש... צום רבין.

זישע — ווער איז די דאזיקע?

הערשל — מיין עלצטע טאכטער זאל מיר לאנג לעבן, וואס איך האב געהאט מיט מיין אייגן ווייב גנענדל הונדערט און צוואנציק יאר זאל זי מיר לעבן.

פארהאנג.

# צווייטער אַקט

(די בינע: אַן אַלקיר בײַ הערשלען. אין דער רעכטער זייט אַ טיר אין הויף אַריין; אין דער מיט אַ פענצטער אין גאַס. אַ טישל, און אַ שאַפע, צוויי בעטלעך. אויף איינעם שלאָפט הערשל, אויפן צווייטן: סאָסיע, זרחל און ברוכל. גנענדל ליגט אויף דער לעזשאַנקע. באַנאַכט. ס'איז פינצטער).

ה ע ר ש ל — (רעדט פון שלאָף) רוק זיך אַראָפּ... (פּויזע) רוק זיך אַרויף... (פּויזע) רוק זיך אַראָפּ... רוק זיך אַרויף...

ג נ ע נ ד ל — (גייט שטיל אַראָפּ)

א י וו אַ ן  ז ל אַ ד י — (רוקט זיך אַריין דורכן פענצטער מיט אַ ליכט. רופט מיט אַ טשמאָקע מיט די ליפּן) טססס...

ס ט ע פ אַ ן  ג אַ נ ע ו — (רוקט זיך נאָך)

א י וו אַ ן — טשוי טי בודיעש באַדקענען די שאַפע, אַ יאַ דאָס טישקעסטל.

ס ט ע פ אַ ן — ניכאַיבודע אַזוי.

(ביידע באַדקענען.)

א י וו אַ ן — (קומט אַרויס אין מיטן צימער) טסס...

ס ט ע פ אַ ן — (קומט צו) שאַ וואָס?..

א י וו אַ ן — טאַקעוואַ בידנאַגאַ זשיקאַ ס'ראָדו נע באַטשיוו.

ס ט ע פ אַ ן — אי יאַ נע באַטשיוו...

א י וו אַ ן — גאַר נים ניטשעוואַ אין טישקעסטל?

ס ט ע פ א ן — אי איין פּאָדעם נעמאַ. אַ אין שאַפע, שאַ טאָם טוט זיך?..

א י וו אַ ן — ניטשעוואַ...

ס ט ע פ אַ ן — קום אין דוויר מאַ בוט טאָם יע...

א י וו אַ ן — פּידעם... כיבאַ יע?.. (לאָזן זיך אין הויף)

ג נ ע נ ד ל — יע... אַ קרענק אַ גוטע... הערשל, הערשל... צוויי גנבים זיינען דאָ אין הויף.

ה ע ר ש ל — איך הער, איך הער. איך ליג שוין אַ שעה און דאָס פּנים פלאַמט מיר פון בושה. אַ גליק וואָס ס'איז פינצטער. אַזאַ חרפּה: זיי האָבן דאָך ניט, וואָס צו גאַנווענען. רוק זיך אַראָפּ...

ג נ ע נ ד ל — שעמסטו זיך פאַר גנבים?

ה ע ר ש ל — וואָס זשע? גאַנאָווים זיינען ניט קיין מענטשן. שש... זיי גייען דוכט זיך. רוק זיך אַרויף...

ג נ ע נ ד ל — צו וועמען שרייסטו דאָרט רוק זיך אַראָפּ און רוק זיך אַרויף?

ה ע ר ש ל — צום צוריסענעם פעלצל צו מיינעם, מיט וועלכן איך דעק זיך צו. ס'איז קורץ. דעק איך צו דעם קאָפּ, בלייבן די פיס אויפגעדעקט, שריי איך: רוק זיך אַראָפּ. דעק איך צו די פיס, בלייבט דער קאָפּ אויפגעדעקט, שריי איך: רוק זיך אַרויף...

ג נ ע נ ד ל — (לייגט זיך צוריק)

ה ע ר ש ל — אַזאַ בושה, אַזאַ חרפּה, ווי אַזוי וועל איך ווייזן דאָס פּנים אין גאַס?..

א י וו אַ ן —<br>ס ט ע פ אַ ן — קומען צוריק מיט די ליכט.

א י וו אַ ן — ניטשעוואַ

ס ט ע פ אַ ן — גאָר ניט

א י וו אַ ן — די מייז זיינען פאַר הונגער געפּייגערט.

ס ט ע פ א ן — און די קאַץ אויך. (נעמען אַ שמעק טאַבעקע)

ה ע ר ש ל — (קריכט פּאַוואָלי אַראָפּ) טשויעטע...

א י וו אַ ן —<br>ס ט ע פ אַ ן — (ווילן אַנטלויפן.)

ה ע ר ש ל — ליודי דאָברי, וואוהין לויפט איר? אַדרבּא, אַסטאַוואַיטעס. לאָמיר שוקאַיעז, מאַ בוט עפּעם געפינען... (נעמט אַן איוואַן זלאָדי) איוואַן זלאָדי? יעבאַגו דו... ביסטו דאָך אַ דוראַק. בײַ מיר זוכסטו? זלאָדי דאַ קאַבצען?..

ס ט ע פ אַ ן — ווין זשע הערשקאַ.

הערשל — א יאק זשע... לאמיר עפּענען א לאַדן. שוין טאָג אין דרויסן... (עפנט, עס גיסט זיך אריין א בלייכער ליכט).
איוואַן — יעי באָגו, הערשקע, ני דאַ טעבע...
סטעפּאַן — ווער דאַרף דיך...
הערשל — (ציט אַרויף די שטיוול, וואַשט זיך) דורנעי טי, איוואַן, אי טי סטעפּאַן (ברומט דאָס דאַוונען פון פּאַרנט) אדון עולם אשר מלך בטרם...
איוואַן — א יא דומאַוו, אַז דאָ לעבט דער באַגאַטש יאַק יעהאַ?
סטעפּאַן — חיים קניאַקער
איוואַן — דאַ דאַ...
הערשל — והאלוקים נסה את אברהם ויאמר אליו... איך האָב דאָך געוואוסט, אַז ניט צו מיר... גנענדל, אפשר וואָלסטו אויפגעשטאַנען.
גנענדל — וואָס איז?..
הערשל — אפשר וואָלסטו געגעבן טיי די געסט?
גנענדל — אַ קרענק קאָן איך זיי געבן... די געסט...
איוואַן — טי גערשעלעבע ני רוגאַיסיאַ, בו יעי באָגו ניאַ דאַ טעבע...
סטעפּאַן — יעי באָגו...
הערשל — כ'האָב שטאַרק מורא טאָ מי בודעם טון, וואָס מיין טאַטע האָט געטון
איוואַן — טאָ שאָזש וויין?
הערשל — ער האָט זיך געלייגט אַן וועטשערע און מיר וועלן אוועקגיין אַן טיי...
איוואַן — א קלוגע קאָפּ.
סטעפּאַן — א ווזשעזש...
הערשל — איך וועל גיין דאַוונען, מאָליטסיאַ דאַ שקאָלי... איך וועל פאַר אייך אויך זיך מאָליען, אַז איר זאָלט טרעפן בעסערע גליקן...
איוואַן — מאָליע זיך, הערשקע, מאָליע, או מענע די שטיוול צעריסן.
סטעפּאַן — א או מענע אינגאַנצן אויפגעגעסן דער סיורטוק. מישי ס'ילע יעי באָגו...
הערשל — (נעמט טלית אוןתפילין) פּידעם...
איוואַן — ניכיי בודע אַזוי, א דאַבּרי הערשעלעבע, נעם ניט פאַר שלעכטן...
סטעפּאַן — יעי באָגו... א גוטן..
הערשל, איוואַן, סטעפּאַן אָפּ.

גנענדל — ט'האָסטו דיר, גנבים צום טיש. סאָסיע, סאָסיע שטיי אויף.
סאָסיע — (פאַרעט זיך אין בעט, ציט זיך) וואָס איז?
גנענדל — ס'זיינען דאָך געווען גנבים אין שטוב.
סאָסיע — (שפּרינגט אַראָפּ) וואָס רעדסטו, מאַמע?
גנענדל — וואָס האָסטו זיך איבערגעשראָקן.
סאָסיע — וואָס דען, זיך ניט שרעקן פאַר גנבים?
גנענדל — מ'דאַרף אכטונג געבן, צי זיי האָבן ניט עפּעס איבערגעלאָזט. ווייל וואָס צו נעמען האָבן זיי ניט געהאַט.
סאָסיע — זיי זאָלן געווען צוגאַנוּוענען דעם דלות, ווייל איז מיר ניט... און וואו איז דער טאַטע געווען?
גנענדל — דער טאַטע האָט זיי געזאָגט א גלייכווערטל און האָט זיי געוואָלט געבן א גלאָז טיי, א גליק וואָס ס'איז ניטאָ ניט קיין צוקער, ניט קיין טיי, ניט גאָר ניט...
סאָסיע — א שיינער גליק, וואָס ס'איז ניטאָ קיין טיי און צוקער. אידישע גליקן. א גליק, וואָס ס'איז ניטאָ גאָר ניט אין שטוב, איז ניטאָ וואָס צו גאַנוּוענען...
גנענדל — דער טאַטע זאָגט דאָך, אַז ווען מ'ברעכט זיך אויס דעם לינקן פוס, איז דאָס אויך א גליק. א גליק, וואָס מ'האָט זיך ניט אויסגעבראָכן דעם רעכטן.
סאָסיע — און אַז מ'ברעכט זיך אויס דעם רעכטן, איז א גליק, וואָס מ'האָט זיך ניט אויסגעבראָכן ביידע.
גנענדל — און אַז ביידע. א גליק, וואָס מ'איז ניט געשטאָרבן.
סאָסיע — און אַז מ'איז געשטאָרבן, איז א גליק, וואָס מ'איז געקומען צו קבר ישראל.
גנענדל — וואָס זשע האָב איך זיך צערעדט? לאָמיך גייען זען עפּעס אין קלייטל. שולדיק באַלד אַזוי פּיל, אַז אפילו די האָר פון שייטל זיינען ניט מיינע... וועסט דאַ צובלאָזן די קוילן און אויפשטעלן דעם טשייניק.
סאָסיע — קוילן זיינען דען דאָ?
גנענדל — ווי זאָגט דער טאַטע? א קונץ איז אויפצושטעלן מיט קוילן, אָן קוילן איז א קונץ.

ס אָ ס י ע — דערנאָך וועט מען שוין זאגן: א קונץ צו טרינקען מיט צוקער? אַז צוקער איז א קונץ...

ג נ ע נ ד ל — לאָמיך שוין גייען. (אָפּ)

ס אָ ס י ע — (טרייסלט, קערט, רוימט, ברומט שטיל:)

א שיין מיידל בין איך דאָ,
אַ רוימן פאָדעם שפּין איך דאָך,
וואָס זשע דאַרף איך נאָך?
א חתונה די וואָך.
גיי זשע, טאַטע, אַף בן זכר,
קלויב מיר אוים א שיינעם בחור
קלויב מיר אוים א שיינעם בחור
לאַנגע פאות, שווארצע אויגן
פונם לערנען איינגעבויגן
און צו דער הייליקער תורה זאָל ער טויגן.

אויפטריט בייקל.

כ יי ק ל — אַ גוט מאָרגן, סאָסיעלע.

ס אָ ס י ע — אַגוט מארגן... (קוקט זיך ניט אום, רוימט ווייטער, ברומט שטיל):

שוואַרצער ציגיינער
דו ביסט ניט מיינער
און אַז גאָט וועט דיך מיך באשערן
וועסטו מיינער ניט ווערן.

כ יי ק ל — דער טאַטע איז ניטאָ?

ס אָ ס י ע — וואָס מאכסטו אַן אָנשטעל? איך וויים דען ניט, אַז דו זוכסט ניט דעם טאָטן?

כ יי ק ל — און די מאַמע געגאַנגען אין מארק אריין?

ס אָ ס י ע — אין מאַרק אריין דאַרף מען האָבן מיט וואָס צו גייען.

כ יי ק ל — וואו זשע דען איז זי?

ס אָ ס י ע — וואָס מאכסטו אַן אָנשטעל, כייקל גנב? איך וויים דען ניט, אַז דו קומסט ניט צוליב דעם טאָטן און ניט צוליב דער מאַמען?

כ י י ק ל — טאַקע דערפאַר וויל איך וויסן, צי זיי זיינען ניטאָ אין דער היים?..

ס אָ ס י ע — ווי אַזוי קענסטו מיך וועלן, אַז דו האסט מיין טאָטן פיינט? און אַז מ'האָט פיינט דעם טאָטן, ווי אַזוי קען מען ליב האָבן דעם טאָטנס טאָכטער?

כ י י ק ל — דו ביזט ניט דעם טאָטנס טאָכטער, דאָס האָב איך ברוך השם אויסגעחקירהט, וואָרום ווען דו זאָלסט זיין דעם טאָטנס טאָכטער, וואָלסטו דאָך ווי הייסט מען עס... פשש...

ס אָ ס י ע — דאַכט מיר, אַז דו ווייסט שוין ניט, כייקל, וואָס דו רעדסט...

כ י י ק ל — דער ענין איז דאָ פשוט: אַ איד אַ חקרן מוז זיין עפּעס אנדערש... על פי חקירה מוז מען האָבן אַ געליבטע. שלמה המלך האָט געהאט אַ געליבטע די פאסטושקע שולמית און אברהם אבינו האָט ליב געהאט די ציגיינערטע הגר און יעקב אבינו האָט ליב געהאט די מוטער רחל. און ווי ער האָט זי ליב געהאט. און דער רבונו של עולם די שכינה האָט ניט ליב? זאג! גאָט האָט ניט ליב די גאָטעכע?

ס אָ ס י ע — איך וויים ניט, וואָס דו ווילסט. פון וואנען זאָל איך וויסן, צי יאָ, צי ניין, אַז גאָט ליגט אין הימל און איך ליג טיף אין דער ערד.

כ י י ק ל — רעדסט ווי דיין טאָטע מיט חכמות. און דאָנטע האָט ליב געהאט בעאַטריסן און אמנון תמרן, אַז מ'האָט אים אַזש געפרעגט: למה פניך כה רעים... און וואו איז ראָמעא און יוליע?

ס אָ ס י ע — כייקל, דו ביזט דוכט זיך ניט באַם זינען.

כ י י ק ל — און דו ביזט די קרוין מיינע, די זון פון מיין פאַרכמאַרעטן הימל, אַזוי ווי דאַנטע זינגט און אין האַרצן באַ מיר ברויזט און טומלט און רוישט און ליאַרמט און קאַכט און זידט און סקריפּעט אַזוי ווי שלמה המלך זינגט אין שיר השירים.

ס אָ ס י ע — כייקל, איך פאַרשטיי דאָך ניט אַ וואָרט?

כ י י ק ל — ווי אַזוי קענסטו, אַ טאָכטער פון דער ערד אריינדרינגען אין תוך פון לעבנס־חקירה, אין דער ליבעס־פּאָעזיע. ליבע דאָס איז דאָך ווי די השכלה, אַ טאָכטער פון

הימל, זי שיינט דאָך ווי די לבנה און ווי די שטערן.

ס אַ ס י ע — שיינט זי ווי די זון, קען זי דאָך ניט שיינען ווי די שטערן, שיינט זי ווי די שטערן, שיינט זי דאָך ניט, ווי די זון...

ב י י ק ל — אויף קיין פּאָעזיע פרעגט מען ניט קיין קשיות. פּאָעזיע, שירה... דער מלאך, אַלע מלאכים, אַלע כרובים זינגען איבערן קאָפּ און שאַרכן מיט די פליגל...

ס אַ ס י ע — וואָס האָסטו זיך אַנגעטשעפּעט? גאַנץ פרי זיך אַנגעטשעפּעט ניט ווי מיט פליגל, נאָר ווי מיט אַ שמאַטע.

ב י י ק ל — (שטעלט זיך אויף די קניעס) דו ביזט דער שענסטער שטערן פון מיין הימל, די גרעסטע זון פון מיין לעבן, דו ביזט די זאַלץ פון מיין לעבן, דער שוואַרצער פעפער פון מיין ביסל נעקעכטס... הומה לבי, מיין האַרץ ברומט. הומו מעי, מיינע נע־דערים ברומען...

ס אַ ס י ע — אַט בין איך די זון און אַט בין איך אַ שוואַרצער פעפער. דער איד איז פאַרוקט...

ב י י ק ל — דאָס איז שירה. מיין האַרץ זינגט צו דיר און ברומט: דו טאָכטער פון ערד און הימל, שענסטע פון אַלע וועלטן, זע איך שטרעק צו דיר די אָרעמס און בעט און חלש. שענק מיר רחמים, גיב מיר גנאַד, זיי צו מיר אַ אַ... (דרוקט זיך צו איר) טאָכטער פון הימל...

אויפטריט גנענדל.

ג נ ע נ ד ל — פון הימל וועל איך מיט דיר אַראָפּמאַרדעווען ביז אין דער ערד. ער איז שוין דאָ דער משוגענער בייקל...

ב י י ק ל — ווער זאָגט דען, אַז איך בין דאָ? פון וואַנען איז געדרונגען, אַז איך בין דאָ? אַט בין איך יאָ דאָ און אַט בין איך ניטאָ. אַט דאָס איז דאָך דער כוח פון מענטשן, וואָס קאָן יאָ זיין און ניט זיין.

ג נ ע נ ד ל — הער זשע אויף צו דולן אַ ספּאָדיק מיט דיין משוגענער פילוסופיע און לאָמיך זען ווי אַזוי דו ביזט ניטאָ.

ב י י ק ל — (רוקט זיך אַרויס) איך בין ניטאָ... אָך, ווי הויך די הקירה איז און ווי נידעריק די מענטשן זיינען. אַ מענטשן, מענטשן, ווי נידעריק איר זענט...

ג נ ע נ ד ל — לאָמיך שוין זען...

ב י י ק ל — אַט ווייז איך די קונץ, אידענע, און בין ניטא (אָפּ).

ג נ ע נ ד ל — און דו, סאָסיעלע, שטעלסט זיך מיט אים טענהן?

ס אַ ס י ע — זאָל איך זיך שטעלן שלאָגן מיט אים?

ג נ ע נ ד ל — און דער סאַמאָוואַר?

ס אַ ס י ע — אַן קוילן קאָן מען דאָך קיין סאַמאָוואַר ניט שטעלן.

ג נ ע נ ד ל — ט'האָב איך דאָ געבראַכט אַביסל. קיים געבאָרגט... אַ משוגענע... ווער וועט דען באַצאָלן. פיידן, אַז ער וועט וועלן פאָרן צום רבין ר' ברוכל.

ס אַ ס י ע — וויל ער דאָך ניט. לאַכנדיק מאַכן אַ יעדן אומזיסט וויל ער און אַ גרויסן רבין פאַר געלט, וויל ער ניט...

ג נ ע נ ד ל — ער זאָגט, אַז ער האָט פיינט דעם רבין... בלאָז דעם סאַמאָוואַר.

ס אַ ס י ע — איך בלאָז, איך בלאָז. (שטייט אויף דער טיר.)

ג נ ע נ ד ל — איך וועל אויפוועקן די קינדער, צייט שוין צו גייען אין חדר. זרחל, ברוכל. (טאָרעט זיי).

ז ר ח ל — ברוכל, הער זיך אויף צו שטופּן.

ב ר ו כ ל — דו שטופּסט זיך אַליין.

ז ר ח ל — מאַמע, זאָג אים, אַז ער זאָל זיך ניט שטופּן.

ב ר ו כ ל — מאַמע, זאָג אים, אַז ער זאָל זיך ניט שטופּן.

ז ר ח ל — אַמאי האָט ער מיך נעכטן באַנאַכט געקיצלט אין די פּיאַטעס.

ב ר ו כ ל — און ער האָט מיך געקיצלט אונטער די פּאַכוועס.

ג נ ע נ ד ל — נו, גענוג שוין, יונגאַטשעס. טוט אייך אָן, מ'דאַרף שוין גייען אין חדר אַריין.

ז ר ח ל — און „מיט" וואָס וועסטו מיר געבן, מאַמע?

ג נ ע נ ד ל — וואו זאָל איך דיר נעמען „מיט"? דו.ווייסט ניט, אַז באַ דיין טאַטן איז אָן? אָן ברויט, אָן פּרנסה...

ב ר ו כ ל — און שכר לימוד איז דאָ פאַרן רבין?

ג נ ע נ ד ל — דער רבי מעג דאַרן.

ס אַ ס י ע — דער טאַטע זאָגט טאַקע, אַז פרישן קייז טאָר אַ רבי ניט עסן, אָבער דאַרן מעג ער...

ברוכל — גיי איך ניט אין חדר...
גנענדל — גרוי און אלט קאָן מען פון זיי ווערן. טוט אייך אָן, ממזרים...
ברוך — | נעמען זיך אָנטון.
זרח — |
ברוך — מאַמע, ער נעמט צו מיין זאָק.
זרח — ס'איז מיינער.
ברוך — דיינער איז געווען צעריסן.
זרח — דיינער איז געווען צעריסן.
גנענדל — (גייט צו, קוקט) ביידנס זאָקן זיינען ברוך השם צעריסן. טוט אייך שוין אָן. (העלפט זיי אָנטון, שטאַרכעט זיי) נעגל וואַסער גיסט אייך אָפּ, ממזרים.
ברוך — | (וואַשן זיך, שפּריצן זיך אָפּ, שרייען) מאַמע!
זרח — |
גנענדל — גייט שוין, שקצים.
זרח — האָסט אונז נאָך ניט דערציילט קיין מעשה.
ברוך — נאָר מיר אַליין זאָלסטו דערציילן. מיט אים וויל איך ניט זיצן.
גנענדל — שוין ווידער ברוגז. אז איר בעט אייך ניט איבער, דערצייל איך גאָר ניט.
ברוך — וויל איך ניט.
זרח — וויל איך אויך ניט.
גנענדל — גיכער, כ'האָב קיין צייט ניט.
ברוך — | (נעמען זיך אָן באַ די פינגער)
זרח — |

רייגאַלע, רייגאַלע רויגעז
זיינען מיר געווען ברויגעז,
רייגאַלע, רייגאַלע ריק
זיינען מיר חבר צוריק

זרח — איך וועל זיך שוין אָפּרעכנען מיט דיר אין חדר.
ברוך — איך וועל דיר שוין ווייזן.
זרח — מאַמע, דערצייל שוין.
ברוך — מאַמע, נו...
גנענדל — אַ מאָל איז געווען אַ באָבעצי, איז זי אַוועק אין וואַלד אַריין קלויבן שפּענדאַלעך, און איבערגעלאָזט אַלע קינדערלעך אין דער היים. איז געקומען דאָס בעראַלע און געשריגן: קינדערלעך, קינדערלעך עפנט די טיר, האָבן זיי געזאָגט: איך וויל ניט. איז אַוועקגעגאַנגען דאָס בעראַלע... סאָסיע, דערצייל ווייטער. איך דאַרף אַ קוק טון צו דער קיך (גייט אין הויף אַריין)
סאָסיע — ...און אויפגעריסן די טיר און אויפגעגעסן אַלע קינדערלעך... (פּוצט זיי, דרייט זיי, רעדט שטיל) און אויפגעשניטן באַם בעראַלע דעם בויך, אַרויסגענומען אַלע קינדערלעך, זיי אָפּגעוואַשן, אויסגעצוואָגן, אָנגעטון, אָנגעזאָקט, אָנגעשוכט, געגעבן עסן קאַשע מיט מילך און אַריבערגעוואָרפן מיט אַ לאָפּעטע איבער אַ פּלויט... הייד אין חדר אַריין...
זרח — וואו זשע איז די קאַשע מיט מילך?
גנענדל — (קומט אַריין) ברויט נאָט אייך... (גיט זיי) און גייט, קיין קאַשע איז ניטאָ אַ תירוץ איז דאָ. ס'איז ניטאָ... גייט.
ברוך | (לאָזן זיך גייען)
זרח |
גנענדל — (שלעפּט זיי צוריק) און וואו איז דער אַ גוטן טאָג?
זרח | אַ גוטן טאָג! (אָפּ)
ברוך |
גנענדל — דול קאָן מען ווערן ביז מען פּריוואָזעט זיי אַרויס.
סאָסיע — עפּעס גייען געסט דוכט זיך אַהער?
גנענדל — אַפּן ניכטערן מאָגן? נאָך דאַרפן אַוועקגעבן דאָס לעצטע ביסל טיי מיט צוקער...
סאָסיע — דער ראש הקהל אַליין קומט...
גנענדל — פרייט זיך ניט, ער קומט ניט געבן. דער טאַטע איז אים מסתמא שולדיק עפּעס פּאַדאַטקעס, ווי איז מיר ניט.
סאָסיע — ער וועט נעמען דאָס אייגענע, וואָס די גנבים.

אויפטריט ראש הקהל, צוויי שמשים.

ראש הקהל / שמשים — א גוט מאָרגן!

גנענדל / סאָסיע — א גוט מאָרגן, א גוט יאָר!

ר א ש — וואָס זעט מען עפּעס ניט הערשלען?

ג נ ע נ ד ל — איר זענט חס ושלום קיין אידן ניט? וואו זאָל ער זיין אין דער פרי? באַם דאַוונען.

ר א ש — אוי ווי איז מיר ניט! מיר וואָס דאַרפן פאַרזאָרגן קהל, מוזן מיר דאַוונען מיטן ערשטן מנין. מ'דאַרף מיט גאָטס הילף לויפן פון פאַרטאָג צו דער הייליקער אַרבעט...

ג נ ע נ ד ל — מ'זאָגט טאַקע, אז דאָרטן, וואו איר טוט אַפּ אייער אַרבעט, ווערט מען א קדוש.

ס א ס י ע — דער טאַטע זאָגט, אז מ'ווערט טאַקע א מת...

ר א ש — דאָס איז אייער טעכטערל? יאָ... ס'פעלט ברוך השם קיין אַרבעט ניט. אַפּ אַלצ־דינג איז דאָ חוץ אַפּ קהל. גיב ליכט, איווון, שוחטים, דינים, רבנים, א באָד, א מקוה און צאָלן וויל מען נים. ניט קיין פאָדאַט, ניט קיין זעמסקי סבאָר, ניט קיין סוועטשנאָי...

ג נ ע נ ד ל — מצאָלט, אז מ'האָט. ס'איז דאָך ניט קיין וואָרעמעס.

ר א ש — נאָך ערגער ווי וואָרעמעס, נויטיקער... נעמט טאַקע איר אַליין. שוין צוויי יאָר ניט געצאָלט גאָר ניט און א מזומנעם חוב זענט איר אויך שולדיק.

ג נ ע נ ד ל — ס'איז ניטאָ, סיידן די נשמה...

ס א ס י ע — די נשמה איז שוין באַלד אויך פאַרזעצט.

ג נ ע נ ד ל — מ'האָט אונז היינט באַנאַכט באַגאַנוועט.

ס א ס י ע — א גליק, וואָס ס'איז ניט געווען, וואָס צו נעמען.

ר א ש — טענות אהין, טענות אהער, ס'איז שפּעט. איר וועט אונדז געבן די לייכטער.

ס א ס י ע — וואָס רעדט איר?..

ר א ש — נאָר פאַר א משכון.

ג נ ע נ ד ל — וואו האָבן מיר לייכטער? ווער לייכטער?

ר א ש — (צו די שמשים) א נו, גיט א זוך אונטער דער שאַפע, ניטאָ קיין צייט.

ש מ ש י ם — (זוכן, שלעפּן אַרויס פון אונטערן בעט צוויי לייכטער)

ג נ ע נ ד ל — א בראָך איז צו מיר. דאָס לעצטע שטיקל נשמה.

ס א ס י ע — מיין נדן.

ר א ש — נישקשה, גאָט וועט באַשערן אַנדערע.

ס א ס י ע — פאַר וואָס זשע זאָגט איר זיך נים: גאָט וועט באַשערן? פאַר וואָס נעמט איר זיך די לייכטער?

ג נ ע נ ד ל — ס'קומט מיר אויס גלייך, מ'טראָגט אַרויס א מת פון דער שטוב, ווי איז מיר. (וויינט שטיל).

ס א ס י ע — א לאַכנדיקן טאַטן האָב איך און א גאַנץ לעבן דאַרף איך וויינען.

ראש / שמשים — (לאָזן זיך גייען.)

אויפטריט הערשל, כייקל.

ה ע ר ש ל — (מיט א נייעם פּעלץ) א, גוט מאָרגן, סקאַצל־קומט. גנענדל גיב זיי א קוילעטש.

ג נ ע נ ד ל — וואָס פּלוצעם?

ה ע ר ש ל — וואָס פאַרשטייסטו ניט, אידענע, אז א קליין שגצל נעמט מיר שבת אין דער פרי אַראָפּ די לייכטער, גיב איך אים א קליין שטיקל קוילעטש, אָבער אז קהל נעמט מיר אַראָפּ די לייכטער, דאַרף מען דעם גוי געבן א גאַנצן קוילעטש.

ר א ש — א גלייך וואָרט.

ה ע ר ש ל — ע, ווען איר טוט אַזוי גלייך, ווי איך רעד גלייך.

ס א ס י ע — טאַטע, וואו האָסטו גענומען דעם נייעם פּעלץ?

ה ע ר ש ל — ס'איז א גאַנצע געשיכטע, א פּשוטע איז דאָס. ס'איז אין מאַרק געשטאַנען א גוי מיט א פור שטרוי און אָרום אים א ריידל, ס'ברענט דאָך. און דער גוי הייסט זיך געבן א גאַנץ קערבל. דער עולם האָט געזאָטן. קום איך אָן ניט פאַרזייעטערהייד. זאָגט מען מיר: הערשל, א שפּיצל, זאָג איך שוין: פאַרלאָזט אייך אַפּ מיר און נעם מיך דינגען מיט אים. בקיצור, איך בין מושווה געוואָרן פאַר 90 קאָפּיקעס

און הייס אים צופארן צום פענצטערל פון דער באד, וואס גייט גלייך אין מקוה אריין, און הייס אים שיטן. מיין גוי שיט אוים כמעט די גאנצע סקירדע און שרייט: פאלנא, ס'גייט שוין מער ניט אריין. הייס איך אים גייען איינטאפטשען, גייט ער איינטאפטשען, פאלט אריין, ווערט נאס און דער בעדער שעלט אים למאי ער האט פארפאסקודעט די מקוה. ער איז קוים מיטן לעבן ארוים. וויל איך אים ניט באצאלן, ער האט ניט געשיט וואוהין איך האב אים געהייסן. שלעפט ער מיך אין דער פאליציי אריין, זאג איך: איך קען ניט גייען אין דער פאליציי, ס'איז מיר קאלט. זאגט ער: טו אן מיין פעלץ, אבי קום, טו איך אן און גיי. טענה איך צום אוריאדניק, טענהט ער. פאלט מיר איין צו זאגן: פאני אוריאדניק, ער איז א משוגענער, ווערסט נאך זען, אז ער וועט זאגן, אז דער פעלץ, וואס איך טראג איז אויך זיינער. אוודע נעמט ער שרייען, אז ס'איז זיין פעלץ און ווארפט זיך שלאגן צו מיר. האט אים דער אוריאדניק געזאגט: הערשקע איז טאקע גערעכט, ביסט א משוגענער און ער האט אים ארויסגעווארפן.

כ יי ק ל — א צו שארפער פסק דין.

ה ע ר ש ל — על פי חקירה, ניט על פי ליצנות.

ג נ ע נ ד ל — הערשל, וואס טראכסטו זיך, די לייכטער אויך?

ה ע ר ש ל — פרעג אים, דעם ראש הקהל, וואס טראכט ער זיך — איך מיין, אז דער שבת, וואס מען בענטשט אין ערדענע שטיקלעך לייכטער, איז פונקט אזוי הייליק ווי דער שבת פון די זילבערנע לייכטער.

ס א ס י ע — אבער, טאטע, ס'וועט זיך אזוי בייינקען נאך זיי, ס'ווערט אזוי פוסט...

ה ע ר ש ל — פונקט ווי באם גהינום שמש, באם ראש הקהל אין הארצן.

כ יי ק ל — א בפירוש פסוק: רשע, למה תכה רעך? רשע, פאר וואס שלאגסטו דיין צווייטן חבר דעם רשע...

ה ע ר ש ל — בעסער צו זיין אזא רשע ווי איך און א חכם, איידער אזא צדיק ווי דו און א טפש.

ר א ש — זאג א שיין גלייכווערטל, הערשל, וועל איך דיר צוריקגעבן די לייכטער.

ה ע ר ש ל — גיט פריער צוריק.

ר א ש — (קווינקלט זיך, גיט) מילא...

ג נ ע נ ד ל<br>
ס א ס י ע (כאפן די לייכטער, פרייען זיך איבער זיי).

ה ע ר ש ל — מיר איז תמיד א וואונדער איין זאך: קהל נעמט איין פאראט, נעמט איין מס פאר הייוון, זעמסקי סבאר, סוועטשנאי סבאר, טאקסע פאר פלייש און נאך אזוינע זאכן, פאר וואס נעמט דאס ניט איין קיין מיתה משונה?

א ל ע — (צעלאכן זיך הוצן ראש הקהל)

ה ע ר ש ל — איצטער איז מיר קלאר געווארן. אלץ, וואס קהל טוט איז ניט רעכט, למשל: זיי ראבעווען דעם קבצן, נעמען משכנות בא ארעמע לייט, לאזן ארוים די נשמה ביז זיי געבן א שטיקל נחמה, אלץ אזוינע זאכן, וואס איז ניט רעכט. אבער ווען קהל נעמט איין א מיתה משונה, וואלט דאך רעכט געווען און קהל קאן ניט טון קיין רעכטע זאך...

ר א ש — כאפט דיך דער... קומט!

ראש, שמשים אפ.

ה ע ר ש ל — האבן מיר שוין די לייכטער אויך פארזארגט. וואס שטייסטו, אידענע? גיב כייקלען א גלעזל ווארעמס.

ג נ ע נ ד ל — ניטא... געווען א פאר שטיקלעך צוקער האבן דאס די מייז אויפגעגעסן.

ה ע ר ש ל — וויפיל מאל האב איך דיר געזאגט, אז זאלסט לייגן שטיקלעך אפיקומן אף די מייזלעכער?

ס א ס י ע — וואס רעדסטו, טאטע?

ה ע ר ש ל — זיי האבן אמאל בא מיר אויפגעגעסן א שולחן ערוך, ווייסן זיי דאך דעם דין, אז נאכן אפיקומן טאר מען גארניט עסן...

ג נ ע נ ד ל — זיי ווייסן שוין היינט א בעסערן דין: אז ס'איז ניטא וואס צו עסן, פארבייסט מען מיט א ליפ.

ה ע ר ש ל — הכלל, כייקל, עס זיינען פאראן אזוי פיל הונגעריקע קעץ און מייז אין אסטראפאליע, וועלן בלייבן נאך א פאר הונגעריק. ניטא קיין פאפא, גיי ליוליע. גיי אן טיי לערנען.

כ יי ק ל — איך וויל מיט דיר רידן מעשה ווי הייסט מען עס פשש... איך וויל זאגן... ערנסט

הערשל — אויב חקירה, האָב איך קיין צייט ניט.

גנענדל — לאָז אָפּ די חקירה אַף אַן אַנדער מאָל.

סאָסיע — זע בעסער, אַז ס'זאָל זיין אַף דינסטיק.

גנענדל — לאָז צורו די דינסטיקן. דרייט זיך אַרום אַ טאַטע און קוקט ווי די טאָכטער וואַקסט און וואַקסט און פירט אויס שידוכים פאַר דער גאַנצער וועלט און פאַר זיך אַליין גיט ער אַפילו ניט אַ קלער.

הערשל — איך גיב שוין צוויי קלער. חכמהנדיק זיך ווערן גרוי די האָר. נאָר דו ווייסט ניט, אַז אַ ד"ר קען זיך אַליין ניט העלפן?

כייקל — אָט וועגן דעם בין איך געקומען טאַקע ווי הייסט מען עס פשש... ערנסט... מיין איך.

הערשל — אַ מויד אַ באַבע, אַ בחור אַ שרכן און אַ קבצן אַ גדלן, האָב איך פיינט ווי חזיר.

גנענדל — ער וויל זיין אַ ד"ר פאַר זיך.

הערשל — וואָס?

סאָסיע — איך גיי אַוועק, איך דאַרף עפּעס זיין באַ דער שכנה...

כייקל — האָב איך ניט ווי הייסט מען עס, וואָס צו ריידן פשש... מעשה... מיין איך... ערנסט ריידן.

הערשל — וואָס טוט זיך דאָ?

כייקל — שלמה המלך האָט געזאָגט אין משלי: פיר זאַכן גייען אַריבער און לאָזן קיין שפּור ניט: אַ פויגל אין דער לופט, אַ פיש אין וואַסער, אַ שלאַנג איבערן שטיין און אַ גנב איבער דער קעשענע... אָבער איין זאַך, אַז ס'גייט אַריבער לאָזט דאָס יאָ איבער אַ סימן און אַ טיפן: די ליבע אין האַרצן. ווי זאָגט שלמה המלך: עזה כמות אהבה, שטאַרק ווי דער טויט איז די ליבע... און די ליבע פון שלמה המלך צו שולמית'ן און פון יעקב אבינו צו דער מוטער רחל האָט זיך אַריבערגעקליבן צו מיר אין האַרצן. און איצטער בין איך געקומען צו אייך, גנענדל בת סאָסיע און צבי הירש בן געלע, אַז איר זאָלט מיר געבן אייער טאָכטער סאָסיע צו וועלכער ס'ברענט מיין פשש... ווי הייסט מען עס... דאָס האַרץ צו איר.

הערשל — איך וואָלט דיר געראַרפּט זאָגן: כייקל, ביזט אַ משוגענער, נעם אַ האַרטן שטעקן און קלאַפּ דיר אַרויס פון קאָפּ, אָבער איך בין דאָך אַ ווייכהאַרציקער...

גנענדל — אוי וויי איז מיר.

סאָסיע — איך גיי אַוועק.

הערשל — צו וואָס דאַרפסטו אַוועקגיין, אַז דער שלימזל גייט דיר נאָך? אָט דאָס טאַקע האָב איך דיר געוואָלט זאָגן, כייקל: דאָס גאַנצע לעבן גייט מיר נאָך דער שלימזל. מיך קיצלט און וואַרגט אין גומען אין גאַרגל, איך לאַך און ער לאַכט נאָך שטאַרקער. ער נעמט צו דאָס לעצטע שטיקל ברויט, ער לאָזט מיך אָפּגעריסן, אָפּגעפּיצלט, ניטאָ אַף האַלץ, אַף ברויט, אַף אַ מלבוש, אַפילו אַף קיין חכמה ניט. אָפּיצעלע חיונה אַז איך האָב, האָב איך אַף אַ חכמה, האָב איך איצט קיין פּיצל חיונה אויך ניט.

גנענדל — וויי איז מיר ניט, ס'זאָל דיר כאָטש בלייבן אַביסל היונה אַף חכמות פאַרן רבין ר' ברוכל.

סאָסיע — טאַטע, מיר פאַרן טאַקע? יאָ, טאַטע?

הערשל — שאַ! איך רעד דאָך מיט כייקלען. איז איצטער קומט פאַר, אַז דער שלימזל האָט זיך אָנגעטון אין אַ האַרטן קאַפּעליוש, האָט זיך פאַרשטעלט פאַר אַ כייקל חקרן, וואָס שיט מיט פשש און ווי הייסט מען עס און פילוסופיע און וויל צונעמען באַ הערשעלע אַסטראָפּאַליער דאָס איינציקע שטיקל טאָכטער, וואָס ער פאַרמאָגט... איז ממה נפשך, איז באַשערט, וועט זי דאָך פון שלימזלס הענט ניט אַרויס, איז וואָס זשע דאַרף מען זיך איילן? וואָס זאָגסטו, גנענדל?

גנענדל — אַזאָ יאָר זאָל איך האָבן, ווי קלוג דו רעדסט.

הערשל — און דו, סאָסיעלע, וואָס זאָגסטו?

סאָסיע — איך גיי צו אַ שכנה.

הערשל — טאָ גיי זשע!

סאָסיע — אַ גוטן טאָג... אויס חתן, ווייטער אַ בחור, נאַרישער חקרן, איבערגעשראָקן מיט ווי הייסט מען עס, פּסוקים, פּאָעזיע... (אָפּ)

כייקל — נו?

הערשל — רוח והצלה יעמוד, זוך דיר אַ אידענע אין אַנדערע מקומות.

כייקל — (רייסט זיך די האָר פון קאָפּ) ס'קומט אויס כאָטש לויף אין וואַסער אַריין. (אָפּ.)

הערשל — (שרייט אים נאָך) לויף ניט אין וואַסער אריין, מיין ווייב איז אַמאָל געגאַנגען
אין וואַסער אריין, איז זי געשוואָלן געוואָרן ווי אַ פאַס...
גנענדל — אַזאַ משוגענער.
הערשל — מ׳דאַרף גאָרניט זיין אַזאַ גרויסער משוגענער צו וועלן אונזער טאַטעס פאַר
אַ ווייב.
גנענדל — וואָס זשע טוט מען ווייטער?
הערשל — טאַקע אַן אמת גייען אויסדאַרן דעם קאָפּ. דער רבונו של עולם, וואָס שפייזט
פון דעם גרעסטן פערד ביזן קלוגסטן חכם, וועט הערשלען אויך ניט פאַרלאָזן.
בטחון, גנענדל!
גנענדל — פון בטחון איז אָבער דאָ ביז צום מויל.
אויפטריט איכל, סאָסיע.
איכל — אַ גוט מאָרגן. דאָ וואוינט אַ איד הערשל אָסטראָפּאָליער?
הערשל — איר דערקענט ניט אָף מיין פּנים?
איכל — ס׳לאַכט טאַקע באַ אייך אַביסל דאָס פּנים.
הערשל — שלום עליכם.
איכל — עליכם.
הערשל — מה שמך? פון וואַנען, וואָס, יוער? ווען? ווּעמען?
איכל — איך הייס... יאָ... ס׳הייסט: איך קום פון מעזשביזש, פון אים אליין.
גנענדל — פון רבין ר׳ ברוכל?
איכל — אָט, אָט, אָט...
גנענדל — ס׳קאַציל קומט!
איכל — ער וויל און מיר ווילן, אַז איר זאָלט קומען צו אים, אים משמח זיין, ער איז אין
אַ גרויסער מרה שחורה.
גנענדל — אָבי אם ירצה השם פּרנסה, וועט ער באַ אים לאַכן, אַז ער וועט צוזעצט
ווערן...
איכל — שאַ...
הערשל — וואָס שאַ, ווער שאַ? דוכט מיר, אַז איר זענט פּונקט אַזאַ חסיד, ווי איך, נאָר
מ׳טאָר ניט שפּייען אין ברונעם, פון וואַנען מ׳טרינקט.
איכל — איר רעדט שוין באַלד חקירה אַזוי ווי כייקל. טויזנטער אידן, און גבירים אדירים
ווילן אריינגיין צום רבין זיך פּראַווען און ער זאָל לעבן נעמט ניט אויף און אַז
הערשל וועט מאַכן לאַכנדיק און דער רבי וועט הייסן אריינלאָזן, וועט זיך איכל
שטעלן באַ דער טיר און רענדלאָך וועלן זיך שיטן ווי אַרבעס.
הערשל — און הערשל וועט האָבן קריינק און קרחת מעתה ועד עולם.
איכל — פון וואַנען ווייסט איר?
הערשל — אַז קודשיה בריך הוא האָט מיך געמאַכט אַ קבצן, וועט ער מיך פּלוצעם גייען
מאַכן פאַר אַ נגיד?..
איכל — מ׳וועט שטייען באַ דער טיר און אריינלאָזן צום רבין און יחדיו, בשותפות.
גנענדל — אפשר וואָלסטו טאַקע געפאָרן, הערשל? ביז ווען וועלן מיר זיך פּלאָגן אין
אָסטראָפּאָליע?
סאָסיע — יאָ, טאַטע, לאָמיר טאַקע פאָרן.
הערשל — אָסטראָפּאָליע וואָלט געקומען אָפּטון אַזאַ שפּיצל, אַז קהל האָט שוין באַ מיר
געקענט וועלן אראָפּנעמען די לייכטער, אָבער כ׳האָב מורא, אַז דאָס שפּיצל וועט
קיינעם ניט שפּיצלען, ניט פּאַרדריסן הייסט עס... ס׳זאָל כאַטש פאַרדריסן.
סאָסיע — און דער טאַטע וועט תמיד דאַרפן זיצן נעבן רבין און אים לאַכנדיק מאַכן?
הערשל — תמיד נאָך! אַ גוטע... כ׳וויל ניט זאָגן וואָס...
איכל — דוד האָט אויך ניט תמיד געשפּילט אָפן פידל פאַר שאולן.

אויפטריט זרח, ברוך.

זרח —
ברוך — אַ גאָט העלף.
זרח — טאַקע דער רבי האָט געזאָגט, אַז אויב מ׳וועט אים באַטאָג ניט געבן קיין שכר
לימוד, זאָלן...
ברוך — זאָלן מיר זיצן אין דער היים.
סאָסיע — מ׳דאַרף שוין ניט צאָלן קיין שכר לימוד, מיר פאָרן קיין מעזשביזש צום רבין.
זרח — טאַקע?
גנענדל — ווי זאָגט מען עס, זייט יאָ געזונט, מיר פאָרן נאָך ניט... בעט, קינדערלעך,

דעם טאַטן, אַז ער זאָל פאָרן. דאָרט וועט ניט זיין קיין צרות און קיין דאגות, מ'וועט ניט דאַרפן אַרויסטרייבן פון חדר און ס'וועט זיין טיי און ברויט און צו־קער און פידפּאַלעק מיט שמאַלץ און גרינע רעטעכלעך.

הערשל — ניט זיין קיין צרות, ס'איז ניטאָ אַזאַ מדינה, סיידן אין גן עדן...

זרח —
ברוך — טאַטע, לאָמיר פאָרן, לאָמיר פאָרן...

הערשל — וואַרט נאָך אַביסל, שוין פאָרן...

גנענדל — וואָס דו האָסט דאָ אָנצעוועדן.

איכל — און דאָרט דערפאַר צו פאַרדינען.

הערשל — הע... דאָ איז אני שלמה און דאָרטן וועל איך זיין באַ אים אַ קנעכט... ער וועט דאָך מיך בויערן דעם אויער...

גנענדל — לאָמיר אַלע בעטן דעם טאַטן.

סאָסיע
ברוך
זרח
גנענדל
(רינגלען אַרום הערשלען) טאַטע, לאָמיר פאָרן, האָב רחמנות לאָמיר פאָרן...

הערשל — כאַפּט דאָס דער גוטער יאָר... איר האָט אַ פור, ר' איכל? אפשר, אַז מיר וועלן אַריבערפירן די צרות אין אַן אַנדער שטאָט, וועלן זיי האָבן אַ שענערע צורה...

איכל — איך גיי שוין ברענגען אַ פור.

זרח
ברוך
סאָסיע
(נעמען זיך טאַנצן, זינגען) מיר פאָרן קיין מעזשביזש, מיר פאָרן קיין מעזשביזש.

הערשל — שאַט, שרייט ניט אַזוי! נעמט אייך פּאַקעווען. (סאָסיע, גנענדל, זרח, ברוך נעמען זיך פּאַקעווען) ר' איכל, און ווי וועט זיין דער דין: אויב דאָס פערד וועט זיך פּלוצעם אָפּשטעלן און ניט וועלן געבן קיין חכמות, וועט מען קיין האָבער ניט געבן?

איכל — וואָס רעדט איר שטותים? ווייסער וואָס, מ'דאַרף ניט קיין חכמות, פון נאַריש־קייטן לאַכט מען אויך.

הערשל — כ'מיין, ס'קאָן זיך דאָך פּלוצעם פאַרגלוסטן וויינען, ניט לאַכן, וואָס וועט זיין דעמולט, וועט דער רבי געבן צו קייען?

איכל — איך גיי ברענגען די פור. (אָפּ)

אַלע — מיר פאָרן קיין מעזשיבעזש, מיר פאָרן קיין מעזשיבעזש...

הערשל — שאַט, שרייט ניט... פאָרן מיר, הייסט עס? פע... אַז מ'לאַכט, ווייל ס'לאַכט זיך בע, אָבער, אַז מ'מוז פע... איך וועל מוזן זיין עפּעס אַ הון, וואָס קרייעט תמיד... פע... אַ מיאוסע מעשה... (כאַפּט אַ פליג) אַ פליג זינגט, זינגט זי דען, ווייל זי איז אַ קנעכט באַ מיר?

גנענדל — זאָגסט דאָך שוין מעבור יבוק...

סאָסיע — (פרייליך) האַ־האַ... איך פיל שוין ווי דער וואָגן טרייסלט.

זרח — איך וועל טרייבן די פערד.

ברוך — איך איך איך...

(פון אונטן הערט זיך שרייען: צדקה תציל ממות)

הערשל — ווער איז דאָס?

גנענדל — אַ מת איז דווקא אַ גוטער סימן.

אויפטריט: גבאי פון חברה קדישא, ראש מאַלאַטשי און צוויי שמשים.

ראש מאַלאַטשי — (טראָגט אַ טהרה־ברייט)

שמשים — (טראָגן אַ מיטה)

גבאי — (קלאַפּט מיט דער פושקע) צדקה תציל ממות... שמע ישראל! זע נאַר, גנענדל לעבט נאָך. גיי אין דיין רו אַריין.

הערשל — שש...

הערשל — שש...

גבאי — וואָס שששש?... האָסט דאָך געזאָגט, אַז זי איז געשטאָרבן?

הערשל — און ווען זי שטאַרבט חלילה יאָ, וואָלט אייך בעסער געוואָרן?

גבאי — וואָס רעדסטו? אַזוי אָפּנאַרן חברה קדישא און וואָס? ס'איז דאָך אַ מיאוסע מעשה...

ה ע ר ש ל — פע, איר זאָלט אַזוי ריידן? אַ מיאוסע זאַך, איר זענט דאָך אַלע טאָג אַפֿן בית עולם און איר זעט, אַז אַף יענער וועלט עסט מען ניט קיין רעטעך מיט קיין שמאַלץ און ס'איז ניטאָ קיין געלט און קיין יחוס, טאָ מה רעש?

ג ב א י — ס'איז יאָ אַ רעש... ס'איז יאָ אַ טומל... אַזוי אָפּנאַרן די הייליקע חברה קדישא, דו עוכר ישראל... ס'איז דאָך פּחדים...

ה ע ר ש ל — וואָס פּחדים? גענומען אַ פּאָר גראָשן און געגעבן עסן אַן אַלמנה מיט יתומים, און אַן אַלמנה און יתומים זיינען דאָך מיין ווייב און קינדער. וואָס גייט דאָס אייך אָן, וואָס איך בין נאָך ניט געשטאָרבן? סיי ווי שטייט עני חשוב כמת, אַן אָרימאַן איז גלייך ווי אַ מת. אלא וואָס דען, דער חסרון איז דאָס, וואָס זי איז ניט גע־שטאָרבן? גזלן, איר בעט דעם טויט אַף אַ מאַמע פון קינדער?

ג ב א י — קומט שוין אויס, אַז איך בין דער שולדיקער...

ר א ש מ א ל א ט ש ע — נפטר, פּיפּטער, אבי אביסל משקה, מעג דער מת לעבן אויך...

ג ב א י — פע, פע...

אויפטריט א י כ ל.

א י כ ל — די פור איז גרייט, מיר קענען פאָרן.

ה ע ר ש ל — אַ מצוה אַף אַסטראַפּאַליע! גיב זיי דעם מת, גיב זיי די נשמה... פאָרן מיר קינ־דערלעך... איי איי איי... נעמט אייך צו די פּעקלעך... פאַרגעסט ניט צו קושן די מזוזה און טאַקע לאָזן אַ טרער...

א ל ע — (ווישן די אויגן)

ג ב א י — אַן עולה, כ'לעבן אַן עולה...

ה ע ר ש ל — וואָס עולה, ווער עולה! (נעמט אַן גנענדל) איך שווער אייך, אַז אייערע וועט זי תמיד זיין, איר וועט זי קיינמאָל ניט פאַרשפּעטיקן, איז ניט אַן דער היגער חברה קדישא, איז אַן אנדערע, אייערע וועט זי זיין... פאָרן מיר.

פ א ר ה א נ ג.

# דריטער אַקט.

(די בינע: ר׳ ברוכלס „פּראָווע־שטיבל״ — אַ גרויסער סאַלאָן, מאַסיוו אַלטמאָדיש מעבל (ראָקאָקאָסטיל) גרויסע שפּיגלען, אַ לאַנגער טיש, ארום וועלכן עס שטייען אַ סאַך שטולן. אויבנאָן אַ טראָן־שטול).

ר׳ ברוכל, האָדל, איכל.

ר׳ ב ר ו כ ל — (זיצט אויבנאָן) כ׳וויל ניט, כ׳וויל ניט... אני ואפסי עוד... איינער בין איך... איך בין דאָס אייניקל פון בעל שם... איך...

ה אָ ד ל — זונעניו, ר׳ ברוכל קרוין, טאַקע אַן אייניקל, טאַקע ס׳איינציקע אייניקל, אָבער... איך בין דאָך ברוך השם דעם בעל שמס טאָכטער... ווי אַזוי קאָן מען פאַרשטעלן דעם וועג?..

ר׳ ב ר ו כ ל — איך בין רבי באַ מיר, איך בין נגיד, איך... שניאור זלמן האָט ניט געטאָרט קומען אין מיין מחוצה, ווייל איך אים ניט לאָזן אַף קבר אבות צום זיידן...

ה אָ ד ל — ווי אַזוי קאָן מען פאַרמאַכן אַ בית עולם?

ר׳ ב ר ו כ ל — איכל, פאַרשליסן זאָל מען דאָס בית עולם פון אַלע זייטן, מ׳זאָל אים ניט ארײַנלאָזן.

ר׳ ב ר ו כ ל — און זאָג אים, אַז איך בין דעם בעל שמס אייניקל, איך, איך, ניט ער...

א י כ ל — יאָ, רבי (אָפּ)

ה אָ ד ל — אָבער ווי אַזוי קען מען נעמען ר׳ שניאור זלמן דעם טאַטנס אַ תלמיד און אים ניט לאָזן אַפן ציון צום טאַטן? זונעניו, איך האָב מורא, אַז דו שטעלסט צופיל תקיפות.

ר׳ ב ר ו כ ל — דעם זיידנס פּלייצעס זיינען ברוך השם ברייט און מיינע זיינען אויך ניט שמאָל.

א ו י פ ט ר י ט   א י כ ל.

ה אָ ד ל — נו?

א י כ ל — ער איז בייז.

ה אָ ד ל — געשאָלטן האָט ער ניט?

א י כ ל — ניין!

ה אָ ד ל — ברוך השם...

ר׳ ב ר ו כ ל — וואָס האָט ער געזאָגט?

א י כ ל — ער האָט געזאָגט, אַז די טויערן צו דעם אייביקן לעבן טאָר קיינער ניט פאַרמאַכן.

ר׳ ב ר ו כ ל — און אַז איך בין ב״ה דעם בעל שמס אייניקל, האָסטו אים געזאָגט?

א י כ ל — ער האָט געזאָגט, אַז איר זענט זיינס אַן אייניקל נאָר בחומר, פון בלוט און פלייש, און ער איז זיינס אַן אייניקל ברוח, ער האָט זיין תורה געירשנט..

ר׳ ב ר ו כ ל — ווען איך וואָלט ניט מורא געהאַט, וואָלט איך אים געשאָלטן.

ה אָ ד ל — ער האָט געזאָגט אַ גרויס וואָרט. די טויערן פון בית מועד לכל חי קען מען ניט און מ׳טאָר ניט פאַרמאַכן.

ר׳ ב ר ו כ ל — (דרייט זיך ארום, ברומט האַלב צודריווט)

ה אָ ד ל — זונעניו, כ׳האָב מורא פאַר דיר, זעסט אויס ר״ל ווי שאול המלך...

ר׳ ב ר ו כ ל — אַט, אַט... ס׳איז דאָ ערגעץ אַ דוד האדמוני, אַ רויטער דוד, וואָס וויל צונעמען מיין כסא הרבנות, מיין קרוין (ריטשעט...)

א י כ ל — ס׳איז דאָ אַ גרויסער עולם, רבי. ער וויל זיך פּראָווען.

ר׳ ב ר ו כ ל — קיינעם ניט... קיינעם ניט... צום לאַדיער זאָלן זיי גייען, צום גזלן... וואו זיינען די שליסלען פון בית עולם? גיב זיי מיר... מיר גיב זיי...

א י כ ל — (גיט אים די שליסלען).

ה אָ ד ל — זונעניו, זיי מקיים כיבוד אם און גיב די שליסלען און הייס עפענען...

ר׳ ב ר ו כ ל — נאָ און גיי... (גיט אים די שליסלען) זאָל מען עפענען דעם בית בית עולם...

א י כ ל — און...

ר׳ ב ר ו כ ל — ניין, קיין שלום וויל איך אים ניט געבן...
א י כ ל — ער איז דא פארנט...
ר׳ ב ר ו כ ל — גיי...

א י כ ל אפ.

ה א ד ל — דער טאטע איז געגאנגען אף אנדערע וועגן, ער האט מרביץ תורה געווען. גע־מאכט א סאך נפשות, א וועלט מיט תלמידים געלאזט...
ר׳ ב ר ו כ ל — וואס ווילן זיי פון מיר?.. איך בין א בעל חוב... עס פעלט מיר נאך געלד, בריליאנטן... איך בין נאך ניט ווי קיין מלך... ברוך מלך ישראל חי וקים... קיינער שרייט ניט... (דרייט זיך ארום, ריטשעט).

אויפטריט ר׳ נ ח מ ן ב ר א צ ל א וו ע ר.

ר׳ נ ח מ ן — שלום עליכם, פעטער. שלום עליכם מומע.
ה א ד ל — עליכם, נחמנקע.
ר׳ ב ר ו כ ל — (גיט א שפיץ פינגער) עליכם... הם... עפעס... יא... ביסט געקומען פון ארץ־ישראל מיט טריפהנע גערגאנקען, נחמנקע...
נ ח מ ן — און מיט צוריסענע שטיוול, פעטער...
ר׳ ב ר ו כ ל — טאקע דאס געפעלט מיר ניט... א מלכס א פלימעניק ביסטו...
נ ח מ ן — מיר זיינען נאך ברוך השם אליין אויך עפעס...
ר׳ ב ר ו כ ל — דו אויך אף מיר... דו אויך... אלע האבן זיך גענומען אף מיר און ווילן מיך אומברייינגען... כי מלאה הארץ חמס... פול מיט שלעכטס די וועלט...
נ ח מ ן — און ר׳ נחום טשערנאבילער האט געזאגט, אז ס׳איז גאר קיין שלעכטס ניטא... אלצדינג איז התגלות אלוחות, אנטפלעקונג פון גאט... אלצדינג איז גאט, גאט און דו און אלצדינג, וואס עס פאסירט דורך דיר... אף דער וועלט איז גאר ניטא קיין שלעכטס, דאס שלעכטע איז א שטאפל צום גוטס...
ר׳ ב ר ו ך — ניין, ניין... כי מלאה הארץ חמס... פול מיט זינד... אלע זינדיקן קעגן מיר, זיי ווילן מיך באגזלנען, מיך... זינדיק...
ר׳ נ ח מ ן — דער זיידע רער בעל שם האט געזאגט, אז אפילו, ווען א מענטש טוט א זינד, רוט אף אים די שכינה...
ה א ד ל — יפה דרשת... שיין האסטו געזאגט, נחמנקע, טרעטסט אפן טאטנס וועגן... אזוי ווי דער טאטע זעסטו אויס...
ר׳ ב ר ו ך — דו אויך, די אייגענע מאמע אויך... איך זע אויס ווי דער בעל שם, איך... איך... און ווייטער קיינער ניט...
ה א ד ל — כ׳האב מורא, אז דו זאלסט חלילה ניט עובר זיין אף כיבוד אם און איך גיי אוועק... (אפ)
ר׳ ב ר ו ך — אוי, מאמע... (באגלייט זי, דרייט זיך ארום, ריטשעט ווילד).
ר׳ נ ח מ ן — מיר פלאגן זיך צו דערגייען דעם סוד פון ליכט און פינצטערניש פון גוטס און שלעכטס פון מצווה און עבירה און איר, פעטער, פארשמירט אייך די אויגן מיט געלד...
ר׳ ב ר ו כ ל — נחמנקע, דו ביסט אוועקגעפארן קיין ארץ ישראל א מלאך און געקומען א גלח...
ר׳ נ ח מ ן — ס׳איז א משל צו א טויבן, וואס האט פלוצעם דערהערט און ס׳שניידט אים אין אויער...
ר׳ ב ר ו כ ל — (וויל ניט הערן) ניין, ניין...

אויפטריט א י כ ל.

א י כ ל — רבי, א גרויסער עולם ווארט, מ׳שלאגט זיך...
ר׳ ב ר ו כ ל — קיינעם ניט ארייינלאזן.
א י כ ל — און הערשלען זאל איך אריינפירן?
ר׳ ב ר ו כ ל — דעם ליץ?.. כ׳ווייס, שפעטער...
א י כ ל — אן ארעמאן בעט זיך, דער רענדאר טרייבט אים ארויס און דאס ווייב איז אים גסיסה...
ר׳ ב ר ו כ ל — ניין, ניין... איך וויל ניט הערן... צרות, טרערן ווארגן... איך ווער דער־טרינקען... (דרייט זיך ארום).
א י כ ל — (בא דער טיר) שטופט אייך ניט... הא? (הערט זיך צו) וואס?.. הא?.. באלד... רבי, ר׳ זישע ראקעס, דער גרויסער וואלד סוחר... דער נגיד איז געקומען מיט זעקס פערד נא שפיץ, ער דארף אן עצה.

ר׳ ב ר ו כ ל — אים ווערסטו באלד ארײנלאזן.
ר׳ נ ח מ ן — פעטער, וואס טוט איר?
ר׳ ב ר ו כ ל — די גמרא זאגט: רבי מכבד עשירים, דער רבי ניט אפ כבוד עשירים.
ר׳ נ ח מ ן — פעטער, דער זיידע דער בעל שם האט אמאל דערציילט די דאזיקע מעשה: א למדן און א פשוטער איד, אפועל האבן געוואוינט אונטער איין דאך. אלע טאג פלעגן ביידע אויפשטיין באגינען, ווען דער הימל האט זיך געמינעט. דער למדן איז געגאנגען אין ביה״מד און דער פועל צו דער ארבעט. דער למדן פלעג לערנען אין בי״המד און צו מיטיק א היים גייען א צופרידענער און דער פועל פלעג א פארמאטערטער פון דער שווערער פראצע זיך ארײנכאפן אין בית המדרש אריין און קוים אפדאווענען... דער תלמיד הכם פלעג אפן פועל קוקן מיט ביטול... ער דער למדן האט היינט אזוי פיל געלערנט און ער האט ניט מער ווי געארבעט... אזוי זײנען אוועקגעגאנגען וואכן, חדשים, יארן... דער תלמיד חכם איז געשטארבן און תיכף נאך אים דער הארעפאשניק. דעם ערשטן האט מען גערופן צום בית דין של מעלה און געפרעגט: מיט וואס האסטו זיך מתעסק געווען? האט ער געענטפערט א צופרידענער: איך האב פארבראכט מיין גאנץ לעבן אין תורה, אין גמרא לערנען, אין דאווענען... האט זיך דער קטיגור אפגערופן: ער האט מבטל געווען זיין שכן דעם הארעפאשניק. האט מען געבראכט א וואגשאל און מ׳האט אף איין שאל ארויפגעלייגט די גאנצע תורה זיינע און אף דער אנדערער שאל דעם ביטול צו דעם הארעפאשניק. און וואס איז געווען? דער ביטול האט אריבער־געוואוויגן און א בת קול האט זיך געלאזט הערן: דער תלמיד חכם קאן נישט קומען אין גן עדן... דערנאך האט מען געבראכט דעם הארעפאשניק און אים געפרעגט: וואס האסטו געטון און ער האט מיט אן אראפגעלאזטן קאפ געענטפערט: מיין גאנץ לעבן האב איך געהארעוועט אן אויפהער... מיט ביטערן ישווייס האב איך געדארפט ארבעטן און ניט קיין צייט געהאט צו דאווענען. דער סניגור האט אבער זיך אפגערופן: ער האט אבער געקוקט אף זיין שכן דעם תלמיד חכם מיט יראת הכבוד און זיפצנדיק... און וואס איז געווען? עס האט זיך געהערט תיכף א בית קול, אז מ׳זאל דעם פועל ארײנלאזן אין גן עדן אריין... און איר פעטער לאזט דעם ביטערן ארעמאן שטייען און דעם נגיד הייסט איר ארײנפירן מיט כבוד...
ר׳ ב ר ו כ ל — (ריטשעט, פאלט אראפ פון דער שטול)
א י כ ל — געוואלד...

אויפטריט האדל.

ה א ד ל — (לויפט אריין) זונעניו...

א י כ ל, ה א ד ל, נ ח מ ן — הויבן אים אויף.

ר׳ ב ר ו כ ל — ווי א גזלן רעדט ער... ער איז געפארן א מלאך און געקומען א גלח.. (זעצט זיך א רגע, הויבט זיך ווידער אויף, לויפט ארום, ריטשעט).
ה א ד ל — (צו איכלען) ברײנג שוין דיין הערשלען אמאל.
א י כ ל — אט גיי איך. (אפ)
ה א ד ל — (שטיל צו נחמנען) וואס?
נ ח מ ן — דעם זיידנס א מעשה...

אויפטריט הערשל, גנענדל, סאסיע, זרח, ברוך, איכל. (אלע טראגן זעק)
ה ע ר ש ל — (כאפט א קוק אף ר׳ ברוכלען, צינדט אן א שוועבאלע, קומט צו פארנט, זוכט).
ר׳ ב ר ו כ ל — וואס טוסטו?
ה ע ר ש ל — איך זוך דעם רבינס נאז. דער רבי האט אראפגעלאזט די נאז, וויל איך זי אויפהויבן.
ר׳ ב ר ו כ ל — כא־כא־כא־... דאס ביסטו, הערשל? שלום עליכם... ווער האט דיר צו־דראפעט די נאז?
ה ע ה ש ל — כ׳האב זיך אליין א בים געטון אין דער נאז.
ר׳ ב ר ו כ ל — ווי אזוי האסטו דערלאנגט צו דער נאז?
ה ע ר ש ל — כ׳האב זיך ארויפגעשטעלט אף א ביינקל.
ר׳ ב ר ו כ ל — כא־כא...

ה א ד ל — קוק נאר, דיין קאפאטע איז פארנט שווארצער אטלעס און אונטן ווייסע לייוונט...
ה ע ר ש ל — איך האב מיר געמאכט שיין דארט, וואו איך זע, איר קענט אייך מאכן שיין דארט, וואו איר זעט...
ג נ ע נ ד ל — (נעמט אויסשפרייטן שמאטעס אף די שטולן)
א י כ ל — (כאפט אראפ).
נ ח מ ן — ס'איז ריין, ס'איז ריין...
ה א ד ל — איכל, פיר די משפחה אריין אין א באזונדער חדר.
א י כ ל — (נעמט זיי פירן) קומט (שלעפט זרחן, ברוכן).
ג נ ע נ ד ל — הערשל, גיב מיר עפעס געלט.
ה ע ר ש ל — אף וואס דארפסטו געלט?
ג נ ע נ ד ל — איך וויל איינזעצן געגנז אף שמאלץ, ס'איז דאך שוין ערב פסח.
ה ע ר ש ל — פאר וואס?
ג נ ע נ ד ל — פאר וואס זעצן איין די נגידים?
ה ע ר ש ל — אז די נגידים זעצן איין, האבן זיי פאר וואס, אבער דו האסט דאך ניט פאר וואס איינצוזעצן געגנז.
א י כ ל — (פירט זיי) קומט.
ס א ס י ע — (ווייזט אף ר' ברוכלען) דער רבי איז א שלעכטער און א מיאוסער און דער רבי (ווייזט אף נחמנען) איז א גוטער און א שיינער...
א י כ ל — ששש...

גנענדל, סאסיע, זרח, ברוך, איכל אפ

ר' ב ר ו כ ל — דאס ביסטו, הערשל? שווייג זשע ניט... איך בין מרה שחורהדיק.
ה ע ר ש ל — איר האט מיר נאך גארניט געגעבן און איר ווילט שוין די גאנצע נשמה.
ר' ב ר ו כ ל — איך האב דיר געגעבן שלום.
ה ע ר ש ל — פון דעם איז נאך אף פרנסה ניטא.
ר' ב ר ו כ ל — (שמייסט אים מיט דער יארמעלקע) זאלסט מיר ניט זאגן קיין שטותים, פון שטותים וועל איך ניט לאכן.
ה ע ר ש ל — אז איר וועט מיך האדעווען מיט שלום עליכם און מיט פעטש, וועל איך ניט האבן אף קיין חכמות, אף חכמות דארף מען האבן פונקט ווי אף שבת.
ר' ב ר ו כ ל — כ'האב פיינט צו הערן פון געלט. אז דו וועסט דארפן זאלסטו ריידן פארשטעלט.
ה ע ר ש ל — פארשטעלט קען איך ריידן, אז איך וועל אייך וועלן זאגן, אז איך דארף אף האלץ, וועל איך זאגן, אז דער פראסט איז א נואף. מיין ווייב גייט אין מארק אריין, לויפט ער איר נאך, זי לויפט אין שטוב אריין און ער נאך איר און איך זוך א שייטל האלץ ארויסצוטרייבן אים.
ר' ב ר ו כ ל — כא־כא... גוט!
ה ע ר ש ל — איר זאלט אייך נאר ניט מאכן תמעוואטע, און אז איך וועל וועלן זאגן, אז איך דארף אף פסח, וועל איך זאגן: איך האב שוין א האלבן פסח. ווארום גאנץ פסח הייסט דאך ארויספריוואזען דעם חמץ און ארייַנברייגען די מצה און בא מיר איז די ערשטע העלפט שוין פארטיק, דער חמץ איז שוין ארויסגעפאטערט, כ'האב אים נאר קיינמאל ניט געהאט...
ר' ב ר ו כ ל — כא־כא־כא...
נ ח מ ן — אז מ'האט ניט קיין חמץ איז גאר ניט אזוי צום לאכן...
ה ע ר ש ל — איך קען זאגן נאך פארשטעלטער: רבי, איך האב היינט אן אויסגעשפילטן פסח. הינדיקעס האב איך, מיין ווייב בלאזט זיך, שמאלץ האב איך, מיין ווייב האט צולאזט איר פיסק, אייער האב איך, אלע פיר וועלנט לייגן זיך בא מיר, האלץ האב איך, מיין מלמד זאגט, אז מיין יונגל איז א שטיק האלץ. צו דעם אלעמען בין איך א גרויסער בטוח אויך. דער רבונו של עולם לייגט בא מיר איין דעם דאך.
ר' ב ר ו כ ל — כא כא כא...
ה א ד ל — געלויבט איז השם יתברך. ס'וועט שוין אם ירצה השם בא אונז ווידער הערשן שמחה וחדווה (אפ).

אויפטריט א י כ ל.

א י כ ל — רבי, דער עולם שטופט זיך!
ר' ב ר ו כ ל — אז ס'איז יא אזוי די מעשה, וועלן מיר היינט פראווען א קליינעם טיש. הערשל, האסט דאך נאך ניט געדאוונט קיין מעריב, דאווען, איכל, פירות וועלן

מיר עסן און לחיים וועלן מיר טרינקען.

א י כ ל — (נעמט גרייטן דעם טיש).

ר' ב ר ו כ ל — הערשל, דאוון מעריב.

ה ע ר ש ל — (דאוונט שנעל, שטעלט זיך שמונה עשרה, גייט גיך אויס).

ר' ב ר ו כ ל — הערשל, פאר וואס גייסטו אזוי גיך אויס שמונה עשרה?

ה ע ר ש ל — פארשטייט איר מיך, רבי לעבן, איר האט א סאך זילבער און גאלד, איידער איר רעכנט דאס איבער געדויערט בא אייך א סאך די שמונה עשרה, אבער איך האב ניט מער ווי א ווייב מיט א ציג, בארעכן איך מיר איינמאל ווייב־ציג, ציג־ווייב, און אויסגעגאנגען שמונה עשרה.

ר' ב ר ו כ ל — (שמייסט אים מיט דער יארמעלקע) זאלסט מיר ניט זאגן קיין חוצפה־רייען.... לאז אריין דעם עולם.

א י כ ל — (עפנט די טיר).

אויפטריט אן עולם חסידים, כ י י ק ל.

ה ע ר ש ל — שלום עליכם, כייקל, דו מעגסט בלייבן אף מיין פלאץ, ער גיט סיי ווי נאר פעטש, אף שבת גיט ער ניט...

כ י י ק ל — אבער פון חקירה האלט ער...

(דער עולם רינגלט ארום דעם טראן).

ר' ב ר ו כ ל — ברוך אתה ה' בורא פרי הגפן.

א ל ע — ברוך הוא וברוך שמו. אמן.

ר' ב ר ו כ ל — לחיים, השם יתברך זאל העלפן ישועות ונחמות.

א ל ע — אמן... (שטופן זיך צום רבין, טרינקען לחיים, א טומל).

ר' ב ר ו כ ל — ברוך אתה... בורא פרי העץ. (עסט א שטיקל עפל).

א י כ ל — (טיילט שיריים, ווידער א געשלעגן).

ר' ב ר ו כ ל — שא... דער זיידע, דער בעל שם זכרונו לברכה, האט דער איינציקער גע־האט דעם שליסל צום אור הגנוז... ווייטער קיינער ניט... מיר איז ער געבליבן בירושה... מיר... דער צדיק איז דער שליסל צום אור הגנוז... מ'דארף ערלער האלטן דעם צדיק, אים פירן ווי א מלכות ובזכות זה... אמן כן יהי רצון...

א ל ע — אמן!

א י כ ל — ברוך מלך ישראל חי וקים.

א ל ע — ברוך מלך ישראל חי וקים...

ר' ב ר ו ך — נחמנקע, טרינק לחיים.

ר' נ ח מ ן — לחיים, השם יתברך זאל העלפן היץ, א סאך היץ, עס הויבט אן קעלטער ווע־רען... די חסידים ווערן ביסלעכווייז קעלטער, דער פונק, וואס האט געלויכטן אין זיידן דעם בעל שם, איז פארלאשן געווארן... ס'איז א משל צו א בן מלך, וואס האט אראפגעווארפן פאוואלינקע דאס גאנצע צירונג פון זיך און איז געבליבן הויל, נאקעט, מיאוס... וואס מער צירונג מיר האבן ארויפגענומען אף זיך, אלץ הוילער זיינען מיר געווארן...

ר' ב ר ו כ ל — א פאלשער וועג, א פאלשער...

ר' נ ח מ ן — איך גיי אף א נייעם דרך, אף וועלכן קיינער איז ביז אהער ניט געגאנגען, דער דאזיקער וועג איז אפילו זייער אלט און פונדעסטוועגן איז ער אינגאנצן ניי.

ר' ב ר ו כ ל — איך וועל דיך מחרים זיין...

א גערודער אין עולם.

א י כ ל — שאט, שאט... א ניגון זינגט. שאט, הערשעלע וועט זאגן ליצנות, חכמה...

א ל ע — דער רבי זאל זאגן תורה, תורה...

ר' ב ר ו כ ל — הערשל, דבר...

ה ע ר ש ל — (שטעלט זיך ארויף אף א באנק). איך וועל...

ר' ב ר ו כ ל — דערציייל עפעס, וואס דו האסט געזען אין דער ווייטער וועלט. ביזט דאך געווען אין לאנדאן, האסטו געזען דארט די טומאנען?

ה ע ר ש ל — רבי, אונטער אייער נאז איז א גרעסערער טומאן ווי אין לאנדאן.

ר' ב ר ו כ ל — מיט דער יארמעלקע וועל איך דיר שמייסן, דו...

ה ע ר ש ל — א גרויסער טומאן. איך האב אמאל ארויסגענומען דאס טיכל אין גאס אף אפצעווישן זיך דעם שטערן, האב איך עמיצן אנדערש אפגעווישט די נאז.

א ל ע — כא כא כא...

ה ע ר ש ל — (ווייזט אף כייקלען) אט אז ער וועט מיך עפעס פרעגן וועט ווערן פרייל־עך. ער איז נאר, קען איך אים ענטפערן קלוגע זאכן.

ר׳ ב ר ו כ ל — פרעג!

כ יי ק ל — איך בין א נאר! ווי ווייט איז דען פון דיר ביז צום עזל?

ה ע ר ש ל — איבערן טיש...

א ל ע — כא, כא, כא...

ר׳ ב ר ו כ ל — עפעס א משל זאג מיר, הערשל!

ה ע ר ש ל — רבי, אלע אידן ווייסן גוט, אז די תנאים ר׳ עקיבא, ר׳ אליעזר און ר׳ שמעון בר יוחאי זיינען געווען א סאך גרעסער פון היינטיקע גוטע אידן, פונדעסטוועגן געפינען מיר, אז זיי זיינען געווען גרויסע קבצנים און היינטיקע גוטע אידן, וואס זיי קומען ניט אפילו לקרסוליהם, זיינען גבירים און פארן אין קארעטעס מיט פיר פערד און עסן פון גאלדענע און זילבערנע כלים.

ר׳ ב ר ו כ ל — אדרבא, זאג דו דעם ענטפער.

ה ע ר ש ל — איך וועל אייך זאגן דעם טעם דערפון. איך האב געזען א קליוואנער בעטלער, וואס ער שפילט אף דער לירע, אז עס איז א פארגניגן צו הערן, גיט מען אים פאר זיין שפילן דער אביסל מעל, דער א בייגל און דער א קאפיקע. און איך האב געזען א חזן, וואס מאכט נאך א קליוואנעם בעטלער און שפילט נאך זיין לירעלע, נעמט ער פופצן רובל פאר שבת און הונדערט פופציק פאר ימים נוראים. זען מיר דאך ארויס, אז די נאכגעמאכטע פאלשע זאכן צאלן זיך זייער טייער אין דער פאל־שער וועלט.

ר׳ ב ר ו כ ל — כא כא כא...

ה ע ר ש ל — א מאדנע זאך, ווען איך דערצייל דאס, מיינט ער, אז איך מיין ניט אים.

ר׳ ב ר ו כ ל — הערשל...

א ל ע — (לאזן זיך צו אים).

ר׳ ב ר ו כ ל — שא... איך וואלט אים אויך דורס געווען, ווען איך דארף אים ניט האבן...

א י כ ל — לאזט אים, דער רבי דארף אים. ברוך מלך ישראל חי וקים.

א ל ע — ברוך מלך ישראל חי וקים.

ר׳ ב ר ו כ ל — הערשעלע, זאג עפעס אין ענינים פון מלכות. דערצייל מיר אביסל פא־ליטיק...

ר׳ ה ע ר ש ל — ווען ס׳גייט דורך נעבן מיר א פאני, דעם קייסערס א מענטש און איך טראג די קאנען מיט וואסער, אנטלויף איך, בכדי אים ניט איבערצוגייען מיט פולן און מיינע שרייט מיר: הערשל, וויפיל מאל האב איך דיר געזאגט, אז זאלסט זיך ניט מישן צווישן קיסריים? און דער רבי וויל גאר, אז איך זאל זיך מישן צווישן קיסריים. דאס קאן ער, בייקל.

ר׳ ב ר ו כ ל — ווער איז ער?

ה ע ר ש ל — א חקרן.

ר׳ ב ר ו כ ל — שמע ישראל.

ה ע ר ש ל — א קאפעליוש, אבער נאר קיין הארץ ניט, א לייבצודעקל טראגט ער.

ר׳ ב ר ו כ ל — געלויבט השם יתברך. טא זאג זשע בייקל.

כ יי ק ל — (שטעלט זיך אויף) די מלחמה פונם תוגר מיט ענגלאנד נעמט זיך פון... ווי הייסט מען עס... פשש... די ענגלישע מלכה איז ברוגז געווארן למאי דאס אטא־מאנישע רייך, דער תוגר האט איר ניט געשיקט די מתנות, מאנדלאייל און ווי הייסט מען עס פשש... און די ענגלישע מלכה האט געגעבן א זאג: רעביאטע צו די שווערדן... און א ווינק האט זי אויך פון דעם מלך אשכנז, אז... ער איז מיט איר א ווי הייסט מען עס, א גאנצער קנעפל... איינס אין אנדערן, איינס אין אנדערן און מלחמה... און אונזער קייסער האט געזאגט ליודי ראדיטסיא, א זעמליא ניע ראדיטסיא.

א ל ע — וואס הייסט עס?..

כ יי ק ל — מענטשן ווערן געבוירן און ערד ווערט ניט געבוירן... און דאס איז דער שכל פון מלחמה: כל זמן מענטשן וועלן יא געבוירן ווערן און ערד ניט, וועלן זיין מלחמות...

ר׳ ב ר ו כ ל — פלאי פלאות... (לאכט) און די ענגלישע מלכה כאכא... מאנדלייל...

כ יי ק ל — און דערפאר וויל די דאזיקע ווי הייסט מען עס, וואס וויל ניט מלחמה, ארויס־געבן א געזעץ, אז מ׳טאר ניט חתונה האבן...

א ל ע — איי, איי, איי...

ר׳ ב ר ו כ ל — אזא גזירה, אזא גזירה.

כ יי ק ל — בכדי מענטשן זאלן ניט געבוירן ווערן, וועלן ניט דארפן זיין קיין מלחמות... (גייט אראפ)

א ל ע — איי איי איי...

ה ע ר ש ל — וויסעך וואס, ווייסעך וואס, דער גאנצער ענין האט מיר א טעם ווי א פעטשע פון א טרוקענער פירעשווע.

א ל ע — כא כא כא...

ה ע ר ש ל — דאס גאנצע עשרות פון דער וועלט איז געגליכן צו א רייכן פעטער, א פעטער, וואס האט מילי מיליאסן מיט ימים מדבריות און מילך און האניק און אפילו הינדלעך געבראטן אין פוטער. און די גאנצע וועלט איז א משפחה. ענגלאנד מיט דער מלכה האלט זיך פאר א חשוב בהורל מיט תקיפות און דער פראנצויזנדיקער איז דאך אוודע א יא טעבע דאס. ער איז ניט נאר א נאענטער קרוב פונם רייכן פעטער, נאר דער סאמע עיקר, דער פופעק... און דער מלך אשכנז, דער דאזיקער זאגט מען פארייסט דאך גאר דעם קאפ, ער האט א היטל מיט א שפיץ, וואס קריכט גלייך אין הימל אריין. און קוים הימל, וועט ער ליגן אין דער ערד, יעדער וואס איז געקראכן אין הימל איז געלעגן אין דער ערד, נמרוד און און און... און וואו איז קירה? ער איז גאר ניט? ער איז דאך א גאנצער מיוחס, ער האט דאך ווין און ווינער געטרענקל און קארלסבאד און קארלסבאדער זאלץ און און... און פאני איז דאך אוודע א א... וואס צוליינט זיך ווי א חזיר, וואס ווייל אלצדינג אויפפרעסן, פרעסט ער טאקע אויף דאס, וואס א חזיר פרעסט... און די גאנצע משפחה קוקט ארויס, אז דער רייכער פעטער זאל צומאכן אן אויג און דער פעטער מאכט ניט, רייסט מען פון אים לעבעדיקע שטיקער... קומט דער תוגר און שלאגט זיך מיט דער ענגלישער מלכה און דער מלך אשכנז שרייט: גוט, גוט, זא זא... ווארום וואס קען אים הארן, אז יענע וועלן זיך שלאגן? אדרבא ער טראכט נאך, אז אים וועט גלאט אראפפאלן עפעס פון ביידע... און קומט צוגייען דער פראנצויז און גייט קיין מאסקווע און ענגלאנד ווינקט מיט אן אייגל: בראווא, בראווא... און די וועלט צאפלט זיך דערוויל און שרייט: מ'רייסט שטיקער פון איר לעבעדיקער־הייד... א פיש איז מקנא אן אקס, ווייל אן אקס נעמט מען און מ'קוילעט מיט איינמאל און שוין און א פיש שויבט מען לעבעדיקערהייד און מ'רייסט פון אים שטיקער און די שטיקער צאפלען און שרייען און וויינען... און די גאנצע וועלט צאפלט אויך ווי א פיש, און זי איז אויך מקנא אן אקס, ווייל אן אקס שניידט מען טויטערייד און די וועלט שניידט מען לעבעדיקערייד... און בא דבורה די אלמנה נעמט מען צו דעם בן יחיד, ווייל ר' זישע ראקעס באהאלט אלע צען בנים... און ס'וועט נאך קומען א צייט, ווען די משפחה וועט נאך ווערן גרעסער, קרובים און פלימעניקעס און שוועסטערקינדער און גלידשוועסטערקינד און שני בשלישי און אלע וועלן וועלן חלק... דער חזיר וועט פרעסן, דער קנאקער וועט קנאקן און קיינער וועט ניט וויסן וואו וואס און ווערן... און די וועלט וועט אויסזען ווי עפעס א פרעדיק, א צוריסענער, א צעבלוטיקטער, וואס ליגט באם קצב אפן קלאץ... די גאנצע וועלט וועט זיין א פרה אדומה... און ערשט דעמאלט וועט זיין והיה באחרית הימים און ס'וועט זיין, אז משיח וועט קומען און א וואלף וועט וואוינען מיט א שעפאלע, ווייל דער וואלף וועט שוין קיין ציין ניט האבן און דאס שעפאלע וועט קיין הויט ניט האבן... און דער תוגר וועט לעבן גוט מיט דער ענג־לישער מלכה און דער טערק מיטן טאטער און דער פראנצויז מיט פאנין און ס'וועט שוין ניט זיין, וואס צו רייסן און וואס צו בייסן, ווייל די גאנצע וועלט וועט זיין איין גרויסער קבצן און אפילו דער רבי ר' ברוכל וועט אויך ניט מלחמה האלטן מיט לאדיער רב... אמן כן יהי רצון. איכל, גיב מיר אביסל משקה...

א י כ ל — (גיט אים).

ר' ב ר ו כ ל — איי, איי, איי...

ר' נ ח מ ן — ס'איז געגליכן צו איין מלך, וואס האט א סאך מענטשן און ווייניק ערד און דער אנדערער האט ווייניק מענטשן און א סאך ערד, שיק א שליח, דו מלך נומער איינס צום מלך נומער צוויי און זאג אים פארקויף מיר א שטיקל ערד, פירט ער גאר מלחמות... נאר אז רבנים פירן מלחמות, זאלן קיין מלכים ניט פירן...

ר' ב ר ו כ ל — (הויבט זיך אויף, דרייט זיך ארום, ריטשעט.)

א י כ ל — א ניגון, א ניגון, ראטעוועט פון מרה שחורה.

א ל ע — (זינגען א ניגון, קלאפן מיט די הענט)

ר' ב ר ו כ ל — (בארואיקט זיך פאוואלי, זעצט זיך צוריק).

א י כ ל — (גייט צו צו ר' ברוכל, פאכעט מיט דער פאטשיילע).

ר' ב ר ו כ ל — זאל ער זינגען דער מארשעלעק, זאל ער טאנצן. מיך שרעקט עפעס, וואס ווילן זיי? זיי וואס ווילן?.. פון מיין קאפ?.. (ריטשעט)

הערשל —
און אז דער רבי וויינט
וויינען דאך אלע חסידימלעך
אוי, אוי, אוי,
און אז דער רבי לאכט
לאכן דאך אלע חסידימלעך
כאַ, כאַ, כאַ...
און אז דער רבי ניסט,
ניסן דאך אלע חסידימלעך
פּטשע, פּטשע, פּטשע...
און אז דער רבי טאַנצט
טאַנצן דאך אלע חסידימלעך
העפּ, העפּ, העפּ...
(הערשל טאַנצט, אלע רינגלען אים ארום, פּליעסקען).

ר׳ ברוכל — (הויבט זיך אויף פון פּלאַץ, פּליעסקעט).
(עס הערט זיך אַ טומל פון יענער זייט טיר).

ר׳ ברוכל — איכל, גיב אַ קוק, ווער איז דאָרט?

איכל — (גייט ארויס, קומט תיכף צוריק) ר׳ שניאור זלמן, דער לאדיער רבי וויל געבן שלום.

ר׳ ברוכל — ניין, ניין, ניין! קיינער ניט (האַלט זיך צו באַם טראָן) זיי ווילן מיך צונעמען די כסא הרבנות... קיינעם ניט... ארויסט, אלע ארויסט (שמייסט מיט דער יארמעלקע).

אלע — (לויפן ארוים)

ר׳ ברוכל — איכל, מאַך פינצטער אַ ביסל, ס׳שניידט...

איכל — (פאַרדרייט דעם לאָמפּ, רוימט) אָפּ.

הערשל — (שפּאַרט זיך אָן אפן טיש)

ר׳ ברוכל — (דרייט זיך, שלאָגט זיך אָן אין הערשלען.) ווער איז דאָ?

הערשל — איך, הערשל אסטראָפּאַליער (אנטלויפט, שפּאַרט זיך אָן אין באַלעמער).

ר׳ ברוכל — (דרייט זיך ווידער, שלאָגט זיך ווידער אָן) ווער איז דאָרט צו אלדי?..

הערשל — איך, הערשעלע אסטראַפּאַליער. (אַנטלויפט, שפּאַרט זיך אָן אָן טיש.)

ר׳ ברוכל — (גייט ווייטער, שלאָגט זיך ווידער אָן אין הערשלען). ווער איז דאָרט צו אלדי שווארצע יאָר?

הערשל — איך, הערשעלע אסטראַפּאַליער.

ר׳ ברוכל — הויבט אויף די הענט) רבונו של עולם, א פול פראַווע שטיבל מיט הערשל אסטראַפּאַליערס...׳ הערשעלע, הייל מיך. ברוח הקודש האָב איך געזען, אז אין אסטראַפּאַליע איז דאָ אַ מאָדנע ניצוץ, אַ לץ הערשל, וואס וועט מיך אויסהיילן.

הערשל — אַ ווייטער קוק... יאָ, אַ קוק איז דאָס...

ר׳ ברוכל — איכל, איכל... ברענג מיר דעם כסא הרבנות אהער. כ׳וויל באַ דער לופט.
אויפטריט איכל.

איכל — (שטעלט דעם טראָן אין מיטן שטוב)

ר׳ ברוכל — (זעצט זיך) קום אהער, הערשל.

הערשל — (קומט צו, זעצט זיך צופוסנס).

ר׳ ברוכל — מיין נשמה לעכצט... (ריטשעט) פינצטער איז דאָרט אין האַרץ... הערשעלע, לאך, זינג... נו...

הערשל — (שווייגט)

ר׳ ברוכל — נו... (שרייט) נו...

הערשל — אז איר בעט מיט גוטן... (זינגט)

ווען איך בין רויטשילד
און האָב זיין געלט
וואָלט איך געווען רייכער פון אים,
ווייל כ׳וואָלט נאך צוגעקנעלט

ווען איך בין מיניסטער
און האָב זיין דעה,
וואָלט איך ר׳ ברוכלען
אפגעשוירן אַ פּאה.

ווען איך בין מלך
און כ'זיץ אפן טראָן,
גיב איך ר' ברוכלען
קאַשע מיט מאָן.

ווען איך בין קעכניע
און כ'קאָך גוטע זאַכן
שטאָפּ איך ר' ברוכלען
ר'זאָל זיך באַלאַכן.

ר' ב ר ו כ ל — בעסער מיט דיר, איידער אָן דיר, הערשל...
ה ע ר ש ל — גיט זשע מיר אַף שבת, רבי.
ר' ב ר ו כ ל — זאָג מיר אַ גלייכוווערטל, וועל איך דיר געבן אַף שבת.
ה ע ר ש ל — (בייז) ערשט זאָגן... נאָך נשמה... גוט. איר ווייסט, רבי, איך האָב אַ דין־תורה מיט גאָט און ס'איז בּאַ מיר געבליבן, אַז איך זאָל זיך פאַרלאָזן אַף אייך. די מעשה איז געווען אזוי, איך האָב געהאַט אַ ווייב און צוויי הונדערט רובל. וואָס טוט דער רבונו של עולם? נעמט ער צו בּאַ מיר פריער די עטלעכע רובל און דערנאָך דאָס ווייב, האָב איך שוין געמוזט נעמען אַן אנדער ווייב אָן געלט, ווייל איך האָב שוין מיין געלט ניט געהאַט. טענה איך צו גאָט: בעסער וואָלט ער גענומען פריער דאָס ווייב, וואָלט איך מיר גענומען אַ צווייטע, אויך מיט צוויי הונדערט רובל, נאָכדעם ווען ער וואָלט אפילו צוגענומען מיינע צוויי הונדערט רובל, וואָלט גאָט געהאַט אַ ווייב מיט צוויי הונדערט און איך אַ ווייב מיט צוויי הונדערט רובל. האָב איך ניט קיין גערעכטע טענה, רבי?
ר' ב ר ו כ ל — פאַר וואָס זשע ווילסטו זיך גראָד משפטן פאַר מיר?
ה ע ר ש ל — פאַרשטייט איר, רבי, אַלע רבנים האָבן מורא פאַר גאָט, וועלן זיי אים צו־פּסקענען, אָבער איר, רבי, וועט מיר דאָך צופּאַסקענען, ווייל איר האָט דאָך פאַר גאָט ניט מורא...
ר' ב ר ו כ ל — (רימשעט) גזלן... (כאַפּט אַ שטול, וויל אים וואַרפן).
ה ע ר ש ל — איר טוט דאָך שוין באַלד ווי מיין ווייב... איר, ר' ברוכל, דער גרעסטער רבי, הויבט אַ שטול און צו וועמען?..
ר' ב ר ו כ ל — (לאָזט אַפּ).
ר' ה ע ר ש ל — איר... דער גרעסטער רבי, ברוך מלך ישראל חי וקים... דער גרעסטער נגיד... ווי אַ מלך זענט איר...
ר' ב ר ו ך — (לאָזט זיך אַבּאַפּ אַף דער שטול)
ה ע ר ש ל — בּאַ אייך איז דאָך מלכותדיק... בּאַ אייך... סאַראַ רחבות... ס'אַראַ שיינקייט... די ווענט... געמאָלן... און פונדעסטוועגן איז בּאַ מיר שענער געמאָלט.
ר' ב ר ו כ ל — הערשל, ווייסט וואָס דו רעדסט? דער גרעסטער מאָליער פון זשיטאָמיר...
ה ע ר ש ל — בּאַ מיר איז שענער געמאָלט.
ר' ב ר ו ך — (בייז) ווי אזוי, חצוף?
ה ע ר ש ל — ס'איז געמאָלט, אַז דריי טעג זאָל קיין ברויט ניט זיין.
ר' ב ר ו ך — (צעלאַכט זיך)
ה ע ר ש ל — (קרימט זיך אים נאָך).

(פ א ר ה א נ ג)

# פירטער אַקט

(די בינע: די זעלבע, וואס אין דריטן אַקט).
הערשל, האדל, גנענדל.

ה ע ר ש ל — רביצין, כ'האָב אייך געבראַכט מיין ווייב, אָבער איר זאָלט ריידן צו איר העכער, זי איז אַ טויבע. (גייט צו צו דער טיר, פירט אריין גנענדלען) גנענדל, די רביצין וויל מיט דיר ריידן, אָבער זי איז טויב, רעד העכער. (אָפּ).

ה אַ ד ל — (שרייט) איז ער טאַקע אין דער היים אויך אַ פריילעבער.

ג נ ע נ ד ל — (שרייט נאָך העכער). ווער?

ה אַ ד ל — (שרייט) דער מאַן דיינער, הערשל?

ג נ ע נ ד ל — (שרייט נאָך העכער) האָט ער אַף שבת און אַף זונטיק און טאַקע אַף אַ גאַנצע וואָך, איז ער פריילעך, האָט ער אָבער, אפּגעהיט זאָל מען ווערן, פאַר קיין שום אידן געדראַכט, חלילה ניט, איז ער אַזוי פריילעך, אַז ס'רייסט באַם האַרצן, גלייך דער פּריץ וואָלט פון דאָרטן אַ צאָן אַרויסגעריסן.

ה אַ ד ל (שרייט) אַזוי, דאַרף מען דאָך זען, אַז ער זאָל האָבן פּרנסה, ער קאָן דאָך חלילה פלוצים אויפהערן קענען פריילעך מאַכן מיין זון.

ג נ ע נ ד ל — (זעלבער שפּיל) וואָס רעדט איר, רביצין! יענער איז קיין מענטש ניט, אַז דער קאָפּ דאַרט אים, ער מאַכט וויינענדיק...

ה אַ ד ל — (שרייט) נאָ זשע דיר אַ רענדל, וויפיל קינדערלעך האָסטו?

ג נ ע נ ד ל — (שרייט העכער) פיר אַף דער וועלט, פיר אַף יענער וועלט און איינס צווישן ביידע וועלטן.

ה אַ ד ל — (זעלבער שפּיל) נאָ דיר נאָך אַ רענדל. נאָ דיר נאָך צוויי.

ג נ ע נ ד ל — לאַנג לעבן זאָלט איר רביצין. איר זאָלט ניט וויסן פון קיין נויט.

ה אַ ד ל — (הויבט זיך אויף) און דאָ האָסטו אַ קלייד פאַר דיין טאָכטער און קרעלן. און פאַר דיר האָסטו אַ טיכל.

ג נ ע נ ד ל — גאָט זאָל אייך ממלא זיין רביצין.

ה אַ ד ל — (שרייט) און איך וועל זאָרגן פאַר דיר און פאַר דיינע קינדערלעך זאָלן לעבן און גיב אַכטונג, אַז ער זאָל זיין פריילעך.

ג נ ע נ ד ל — (שרייט נאָך העכער) איך און מיין מאַן און מייגע קינדערלעך וועלן מיר אייך דינען ווי קנעכט און ווי דינסטן און...

ה אַ ד ל )
ג נ ע נ ד ל ) לאַנג לעבן זאָלט איר... אַן יתומהשאפּט

(שרייען אינאיינעם)

זאָרגן פאַר דיר... אַלצדינג

(דער געשריי ווערט וואָס אַמאָל שטאַרקער און שטאַרקער)

אויפטריט ר' ב ר ו ך, א י כ ל.

ר' ב ר ו ך ל — מאַמע, וואָס שרייט מען דאָ אַזוי שטאַרק, מ'האָט מיר דעם קאָפּ פאַרשרינגן.

א י כ ל — גנענדל, פאַרוואָס שרייט איר? מ'הערט דאָך אייער קול אָפן מאַרק.

ג נ ע נ ד ל — הערשל האָט מיר געזאָגט, אַז די אַלטע רביצין איז אַ שרעקלעך טויבע.

ה אַ ד ל — הערשל האָט מיר געזאָגט, אַז זיין ווייב איז טויב ווי אַ דרוק...

ג נ ע נ ד ל — און איר זענט גיט קיין טויבע?

ה אַ ד ל — און דו ביסט ניט קיין טויבע?

ג נ ע נ ד ל — אַבי איך האָב געשריגן, אַז כ'האָב זיך דאָס האַרץ אויסגעריסן. אוי, ווען איך דאַרף נאָך אַביסל אַזוי שרייען, וואָלט איך געחלשט.

ה אַ ד ל — גיב מיר טאַקע אַ ביסל וואַסער, איכל.

א י כ ל — (דערלאַנגט איר וואַסער)

ה אַ ד ל — ברוך שהכל נהיה בדברו... (טרינקט, לאַכט) הערשל... וועל איך שוין גייען (צו גנענדלען) קום. (אָפּ)

ג נ ע נ ד ל — שולדיק געוואָן דעם רוח אַ גאַנג.

ר' ב ר ו ך ל — הערשלס שפּיצלעך... כ'האָב אים נעכטן אָנגעזאָגט, אַז, אַז ער זאָל זיך... אַז ער זאָל ניט באַטרעטן די ערד פון מיין הויף.

ר' ברוכל — דו עזות מחוצף פנים, איך האב דיר אנגעזאגט, א זאלסט ניט באטרעטן די ערד פון מיין הויף.

הערשל — שאט, רבי, בייזערט זיך ניט. איך האב מיר געקויפט א ביסל ארץ ישראל ערד בא א ירושלים־איד און האב עס אריינגעשיט אין מיינע שיך, טרעט איך אצינד ניט די ערד פון אייער הויף, נאר די ארץ ישראל ערד...

ר' ברוכל — ווייסט דיך דער גוטער יאר, הערשל... קענסט זיך געבן אן עצה, קענסט דיך אויסדרייען...

הערשל — אז איך לעב מיט אייך שוין א פאר יאר און בין נאך ניט קיין מת, בין איך ברוך השם א בריה, א גרויסער בריה... ווי אזוי זאגט ער עם לבן גרתי...

ר' ברוכל — איי, איי, איי, הערשל... ביסט א זינדיקער ר"ל. וואס וועסטו טון אף יענער וועלט, ווען מ'וועט דיך נעמען צום צימבל?

הערשל — א געוואלדיקע זאך, וואס מ'וועט מיך פרעגן, וועל איך שוין וויסן צו ענטפערן.

ר' ברוכל — מ'וועט דיך פרעגן מה שמך, ווי הייסטו?

הערשל — וועל איך ענטפערן: געצל.

ר' ברוכל — וועט ער דאך דיר פרעגן: ס'טייטש, דו הייסט דאך הערשל?

הערשל — וועל איך אים ענטפערן, אז דו ווייסט וואס פרעגסטו?

ר' ברוכל — און אז מ'וועט דיך פרעגן: עסקת באמונה, האסט געהאנדעלט ערלעך?

הערשל — וועל איך ענטפערן: האסט מורא, האנדל ניט מיט מיר!..

ר' ברוכל — און אז מ'וועט דיך פרעגן: מה תקנת בעולם, וואס האסטו פאריכט אף דער וועלט?

הערשל — אמאל די תחתונים, אמאל דאס העמד...

ר' ברוכל — שטותים אין א זייט. מ'וועט דיך א פרעג טון אפגעלעבט א לעבן און וואס? אזוי פיל עבירות און מצוות גאר ניט...

הערשל — פארן אויסהאלטן פון אייך בין איך אליין א צדיק. און דערנאך וועל איך מאכן א חשבון. מה אנו ומה חיינו. פופציק יאר געלעבט. ביז דרייצן איז ניטא ניט קיין שכר ניט קיין עונש... בלייבן איבער 37 יאר. די נעכט שלאפט מען איז שוין נאר 18 מיט א האלבן יאר... א דריטל איז אוועק אף דאוונען, בלייבן שוין איבער 12 יאר. ווען זשע פארזארגט מען פרנסה, קינדער? און ווען איז מען קראנק?.. איך וועל אים אזוי ווייטער פירן דעם חשבון, אז מיר וועט נאך ארויסקומען. און חוץ דעם וועל איך אים זאגן: דער רבונו של עולם האט באשאפן פינף בעל כרכ'ס: מיט געוואלד ווערסטו באשאפן, מיט געוואלד ווערסטו געבוירן, מיט געוואלד לעבסטו, מיט געוואלד שטארבסטו, מיט געוואלד גיסטו אפ דין וחשבון, 4 בעל ברחהם האב איך מקיים געווען, מעגסטו מיר איינעם שענקען און ניט נעמען קיין חשבון...

ר' ברוכל — בנאמנות, הערשל, דו וועסט זיך אויסדרייען.

הערשל — כ'האב אבער מורא מ'וועט מיר שטעלן א טויבן מלאך.

ר' ברוכל — האסט זיך אליין קאליע געמאכט. דו ביסט אזוי ווי א קו, וואס גיט א פול שעפל מילך און דערנאך קערט זי דאס איבער מיט איין דריגע...

הערשל — בא גוטע מענטשן קערט זי ניט איבער...

ר' ברוכל — ווילסט שוין ווידער דברן... גיי פון דאנען, ווייז זיך מער ניט... (שמייסט אים מיט דער יארמעלקע).

(הערשל, ר' ברוכל, איבל — אפ).

## אויפטריט כייקל, סאסיע.

סאסיע — זעסטו דאך, אז דער רבי איז ניטא, וואס זשע מוטשעסטו מיך?

כייקל — גיי דערצייל וואסער דאס ברענעניש פון פייער... מילא דיין טאטע וויל ניט, ער האט פאר מיר מורא, איך בין ב"ה ווי הייסט מען עס פשש... א חקרן און ער איז ניט מער ווי א לץ... און דיין מאמע...

סאסיע — משוגענער כייקל, טשעפע ניט מיין מאמע.

כייקל — דיין מאמע טשעפעט דאך מיך. איך טאר דאך ניט אריינקומען אין שטוב אריין. זי טרייבט מיך מיט א ווי הייסט מען עס פשש... וואלגערהאלץ מיין איך.

סאסיע — מיט דריי וואלט זי געדארפט טרייבן.

כייקל — נצא אל השדה, לאמיר גייען אין פעלד, זיך פעדערן אין די וויינגערטנער, דארט צווישן ביימער, צווישן פאלמען און מאראנצן וועסטו מיר דיין ליבע שענקען, דיין ליפע איז זיס ווי וויין...

ס א ס י ע — כייקל, זינג ניט, מ'וועט זיך צונויפלויפן.
כ יי ק ל — ביסט א נאר, סאסיע, דו האסט מורא פאר דיין טאטן און דיין טאטע האט ערשט מורא פאר מיר...
ס א ס י ע — דער טאטע זאגט: הלואי וואלט ער פאר דיר אזוי מורא געהאט טויטערהייד ווי לעבעדיקערהייד... ער זאגט, אז דאס פלאץ ווילסטו אים צונעמען קענסטו ניט, הלוואי זאלסטו אזוי קענען אים צונעמען די טאכטער...
כ יי ק ל — ס'קומט מיר אן אזא מין פארלאנג, אז א פויגעלע איז קעגן מיר א נאר ניט, מיר גלוסט זיך לויפן, פליען... לויף און איך וועל דיך כאפן און וועל איך דיך כאפן, וועסטו זיין מיינע, אזוי ווי שבט בנימין נאך דער פלגש בגבעה, וואס פלעג זיך אויסשטעלן און כאפן מיידלעך באם טאנץ...
ס א ס י ע — וואס רעדסטו? מיר זיינען געקומען צום רבין, דער רבי איז ניטא, דול זשע ניט קיין ספאדיק, ווייל אלצדינג, וואס דו רעדסט פארשטיי איך ניט איין ווארט כאכייקל כאכאקרען (אפ).
כ יי ק ל — צו וואספארא שווארץ יאר האט ער באשאפן צוויי באזונדערע העלפטן? ער האט ניט געקענט מאכן קיין איין גאנצע זאך, וואס זאל זיין אי זכר אי נקבה?

אויפטריט ר' ב ר ו כ ל, א י כ ל

ר' ב ר ו כ ל — פראוועז וועל איך היינט נאר נגידים, איכל.
א י כ ל — גוט. (העלפט אים זיך זעצן)
כ יי ק ל — רבי, איך וועל אייך פרעגן א שאלה.
ר' ב ר ו כ ל — כ'האב איצטער ניט קיין כח פאר קיין שאלות, נאר פרעג.
כ יי ק ל — פאר וואס האט ער באשאפן צוויי באזונדערע העלפטן זכר און נקבה, אז ער האט געקענט מאכן איין גאנצע זאך, וואס זאל זיין אי זכר, אי נקבה?
ר' ב ר ו כ ל — איכל, זאג אים, אז ער זאל ארויסגייען, איך וויל ניט הערן קיין חקירה.
א י כ ל — (נעמט אן כייקלען, פירט אים ארויס).

אויפטריט ה ע ר ש ל

ה ע ר ש ל — (שטעקט ארויס דעם קאפ פון דער הרובע. דאס פנים איז אים פארשמירט מיט סאזשע).
ר' ב ר ו ך — (דערזעט אים אין שפיגל, לאזט זיך צו דער טיר) ווער איז דארט?
ה ע ר ש ל — (באהאלט זיך צוריק אין הרובע, אין א רגע ארום ווייזט ער ווידער זיין פנים).
ר' ב ר ו כ ל — (דערזעט ווידער אין שפיגל, לאזט זיך ווידער) ווער איז דארט?
ה ע ר ש ל — (באהאלט און ווייזט ווידער דאס פנים).
ר' ב ר ו כ ל — (דערזעט ווידער אין שפיגל) איכל, גיב א קוק ווער איז דארט. עפעס א שווארצער מענטש.
א י כ ל — (קומט אריין, נעמט זוכן אין אלע ווינקעלעך) ניטא קיינער. (שטעלט זיך ווידער בא דער טיר).
ה ע ר ש ל — (קומט ארוים).
ר' ב ר ו ך — (כאפט זיין שטעקן) א גנב... (לויפט צו צו אים) ארויס פון דאנען, ווייל איך דערהארגע דיך.
ה ע ר ש ל — (קריכט אריין צוריק אין הרובע).
ר' ב ר ו כ ל — (הויבט אן קלאפן מיטן שטעקן אין הרובע).
(עס הערט זיך א מיאוקען פון קעץ און א וואויען פון הינט).
ה ע ר ש ל — (קומט ארוים) זייט מיר מוחל, רבי, וואס איך האב אייך אביסל דעקוטשעט. אז אף אייער טיר האט איר מיר ניט געלאזט קומען, בין איך געקומען דורכן קוימען.
ר' ב ר ו כ ל — און וואו ביזטו געווען, ווען איך האב געשלאגן?
ה ע ר ש ל — שומר פתאים השם, גאט היט אפ זיינע נאראנים... איך בין דעמאלט נעשלאפן. (ציט זיך, מאכט העויות, דרייט זיך, מאכט קונצן).
ר' ב ר ו כ ל — (לאכט, וואס אמאל שטארקער שרייט) מאמע...
ה ע ר ש ל — (מאכט ווייטער די העויות).

אויפטריט ה א ד ל.

ר' ב ר ו כ ל — (לאכט) מאמע, זע נאר הערשלען, (לאכט).
ה א ד ל — (לאכט אויך).
ה ע ר ש ל — מ'מוז זיך אויסשמירן אף אייך לאכנדיק צו מאכן...
ר' ב ר ו כ ל — (לאכט צו שטארק).
ה א ד ל — קום, זונעניו, (פירט אים ארויס).

ה א ד ל, ר' ב ר ו כ ל אפ.

ה ע ר ש ל — אי...

א י כ ל — הע...
ה ע ר ש ל — כל...
א י כ ל — רשל...
ה ע ר ש ל — איכל.
א י כ ל — הערשל...
ה ע ר ש ל — אז איך האָב זיך שוין אזוי אויסגעשמירט, וועל איך אים דערציילן די געשיכ־
טע אויך... א לץ קאָן אויך זיין רבי. איך פראָווע היינט.
א י כ ל — הע...
ה ע ר ש ל — אי...
א י כ ל — וואָס הייסט?
ה ע ר ש ל — שיק אריין.
א י כ ל — אָבער יחדיו.
ה ע ר ש ל — יחדיו... שיק אריין טפשים.
א י כ ל — (גייט אָפּ צו דער טיר).
ה ע ר ש ל — (זעצט זיך אויפן טראָן).

אויפטריט אַן אַלטע מויד.

א ל ט ע מ ו י ד — ס׳קאַכט מיר באַם האַרצן, רבי, ס׳זידט, ס׳ציטערן מיר הענט און פיס.
כ׳קען נים שלאָפן...
ה ע ר ש ל — דאַרפסט חתונה האָבן, טאַכטער סערדצע.
א ל ט ע מ ו י ד — איך גלויב אייך, רבי, אוי ווי איז מיר... אדרבא...
ה ע ר ש ל — איך בין ניט קיין שדכן...
א ל ט ע מ ו י ד — זעט, אז דער שדכן, וואָס באַ אייך זאָל מיך נעמען...
ה ע ר ש ל — דאָקטוירעם פאַרשרייבן נאָר רעצעפּטן, אָבער זיי נעמען זיי ניט איין...
א ל ט ע מ ו י ד — א רבי זאָל אַזוי ריידן... (אָפּ)
ה ע ר ש ל — אי...
א י כ ל — הע...
ה ע ר ש ל — שיק, גיכער...

אויפטריט א בעל עגלה.

ב ע ל ע ג ל ה — רבי, גיט מיר אַ רפואה.
ה ע ר ש ל — וואָס טוט דיר ווײ?
ב ע ל ע ג ל ה — אַט אין דער זייט טוט מיר ווײ.
ה ע ר ש ל — הויב אויף די הענט ארויף און צי דעם אָטעם.
ב ע ל ע ג ל ה — (טוט, וואָס ער הייסט אים).
ה ע ר ש ל — וואָס הערט זיך? דו אָטעמסט שווער?
ב ע ל ע ג ל ה — דאָס איז גאָרניט, נאָר קוים ריר איך זיך נאָר צו צו דער זייט, טוט מיר
שוין ווײ.
ה ע ר ש ל — ווייסטו וואָס? ריר זיך קיינמאָל ניט צו צו דער זייט, וועט דיר קיינמאָל ניט
ווײ טון.
ב ע ל ע ג ל ה — (פרייליכער) טאַקע? לאַנג לעבן זאָלט איר פאַר דער עצה. (אָפּ).
ה ע ר ש ל — אי.
א י כ ל — הע.
ה ע ר ש ל — שיק!

אויפטריט אויפגעקומענער גביר.

א ו י פ ג ע ק ו מ ע נ ע ר ג ב י ר — רבי, איך האָב אַ טאָכטער און וואָלט געוואָלט פאַר
איר אזוי אַ שיינעם שידוך. כ׳האָב שוין גערעדט מיט אייך.
ה ע ר ש ל — כ׳האָב דיר דאָך געזאָגט, אז כ׳האָב פאַר דיר אַ פיינעם שידוך: חיים שום־
טערס זון.
א ו י פ ג ע ק. — וואָס רעדט איר, רבי? כ׳האָב דאָך דעמאָלט אייך געזאָגט, אז ס׳שטייט
מיר ניט אָן, ווען ס׳רעדט דאָס צו מיר אַן אנדערער, וואָלט איך אים געטון, איך
ווייס אַליין ניט וואָס...
ה ע ר ש ל — האָב איך טאַקע גאָר אַ פיינעם שידוך. כ׳האָב דאָך דיר געזאָגט דעם
האָצעלער רבס זון.
א ו י פ ג ע ק. — דאָס איז אַ פיינער שידוך. איר האָט שוין גערעדט.
ה ע ר ש ל — אוואַדע האָב איך גערעדט.
א ו י פ ג ע ק. — וואָס זשע האָט מען געענטפערט.

הערשל — וואס רעדט איר, רבי? ס'שטייט מיר ניט אַן, ווען ס'רעדט דאס צו מיר אַן אנדרער, וואלט איך אים געטון, איך וויים אליין ניט וואס...

אויפגעקומענער גביר, אפּ.

הערשל — אי.
איכל — הע.
הערשל — שיק.

אויפטריט ערשטע אידענע

ערשטע אידענע — רבי, ראטעוועט מיין טאכטער, ראטעוועט!
הערשל — וואס איז איר?
ערש. איד. — זי גייט שוין דריי טעג צו קינד.
הערשל — (נעמט ארויס א מטבע פון קעשענע) נא, ט'האסטו א קאפיקע, וועסט זי צו־ליגן צום נאפּל פון דיין טאכטער, וועט זי באלד מולד זיין.
ערשט. איד. — וואס רעדט איר, רבי!
הערשל — אז א גרויסער בחור לויפט נאך א קאפיקע, וועט אזא קליינטשיק נפשל ניט לויפן?..

ערשטע אידענע אפּ.

הערשל — אי.
איכל — הע.
הערשל — שיק.

אויפטריט א פארבער

פארבער — ס'שטעכט, ס'טוט מיר ווי די האנט.
הערשל — וויז די האנט.
פארבער — (וויזט).
הערשל — אוי ווי... פלעקן אף דער האנט... א היציק שלאפקייט מיט פלעקן, זאראזעט פון פארעיפּושטע בהמות, ס'איז ניט גוט...
פארבער — וואס רעדט איר, רבי? איך בין א פארבער און פון דער פארב איז מיר גע־פלעקט די האנט.
הערשל — ביזט גליקלעך, וואס דו ביזט א פארבער, דארפסט דאנקען גאט ברוך הוא אלע מינוט, ווען ניט וואלט מען חלילה דיר אפגעזאגט דאס לעבן, גיי אין שול אריין און בענטש גומל, וואס דו ביזט א פארבער.
פארבער — לאנג לעבן זאלט איר (אפּ).
הערשל — אי...
איכל — הע...
הערשל — שיק.

אויפטריט צווייטע אידענע.

צווייטע אידענע — העלפט מיר, רבי דאקטאר, העלפט ראטעווען א נפש.
הערשל — וואס פעלט אייך?
צוו. אידענע — דער קאפּ ברעכט אזוי, אז ס'שטעכט אזש אין זייט.
הערשל — מ'דארף לעגן א פלאסטער אף דער פּאטילניצע. גיב אהער 20 קאפּיקעס.
צוו. איד. — ט'האט איר, רבי לעבן.
הערשל — גיב אהער די פּאטילניצע (קלעפּט איר צו) אין צוויי שעה ארום זאלסטו ווייטער זיין, וועל איך זען ווי אזוי ס'האט אנגערופן. דערווייל גיי א היים.
צוו. איד. — סטייטש, ווי אזוי זשע זאל איך א היים גיין?
הערשל — וואס הייסט ווי אזוי? ווי אזוי אלע מענטשן נייען.
צוו. איד. — אפשר האט איר, רבי דאקטאר, נאך א פלאסטער?
הערשל — צו וואס איז?
צוו. איד. — ווי הייסט צו וואס? פאר מיין שנור. איך בין דאך ניט קראנק, נאר די שנור מיינע איז קראנק.
הערשל — צו וואס זשע האט איר זיך געלאזט ליגן דעם פלאסטער?
צוו. אידענע —ווייל איך האב ניט געקענט דערווידער זיין אייערע רייד.
הערשל — (לאכט) לאזט, וועל איך אים אייך אראפרייסן.
צ. אידענע — (שרייט, מאכט געוואלדן, ראנגלט זיך).

אויפטריט ר' ברוכל.

ר' ברוכל — זע נאר, דו, הערשל, אף מיין כסא הרבנות... דו ווילסט שוין אויך צונעמען בא מיר די קרוין, אזוי ווי דוד בא שאולן?...

צווייטע אידענע אַפּ.

הערשל — ווייס איך וואס... געדאַרפט אף שבת...

ר' ברוכל — נאָר דו דאַרפסט אף שבת.

הערשל — ווער האָט געהייסן דעם רבונו של עולם מאַכן פופציק שבתים אין יאָר?

ר' ברוכל — פופציק... פופציק... אַ קבצן מוז ניט פאַרטראָגן אַלע שבתים. עשה שבתך חול. מאַך וואָך פון דיין שבת, דו קאַבצעניוק...

הערשל — איך בין שוין אַלט, איך האָב שוין קיין כח ניט. כ'בין אַזוי ווי אַן אַלטער הונט, וואָס האָט ס'גאַנצע לעבן געהונגערט און פון אויבן נאָך געכאַפּט שמיץ און שטעקענעס...

ר' ברוכל — ששש... אַז דו וועסט אַנהויבן מיט מרה שחורה...

הערשל — וועט איר שיטן מיט חכמות...

ר' ברוכל — נו, גענוג, גענוג... דאַרפסט אף שבת, זאָגט מען, זאָגט מען...

הערשל — כ'וועל אייך אַלצדינג דערציילן. פאַר צוויי וואָכן דאַנערשטיק ניט היינט נע־דאַכט, האָב איך ניט געהאַט אף שבת, גיי איך נעבעך אַרום אַזוי פאַרטראַכט און קלער, וואו נעמט מען ערגעץ אף שבת. באַגעגנט מיך דער יצר הרע און זאָגט מיר: איי דו נאַר, גיי אַריין צום רבין ר' ברוכל און נעם בא אים צו אַ זילבערנעם לעפל, וועסטו האָבן אַן אויסגעשפּילטן שבת. בקיצור, איך האָב אים געפּאַלגט און האָב טאַקע געהאַט אַ פיינעם שבת. פאַראַכטאָגן האָב איך ווייטער ניט געהאַט אף שבת, האָב איך געוואָלט גייען אף דעם אַלטן גאַנג, איך ווייס דאָך שוין, וואו מ'נעמט אף שבת... באַגעגנט מיך דער יצר טוב און זאָגט מיר: מ'טאָר ניט גאַנ־ווענען! זאָג איך צו אים, וואס זאָל איך מאַכן? זאָגט ער: וועסט דורכקומען. זאָג איך צו אים: אַז דו ביזט יאָ אַזאַ פרומער, טאָמער וואָלסטו אַריינגעגאַנגען צום רבין און אים בעטן ער זאָל דיר געבן אף שבת. רופט זיך אָן דער יצר טוב צו מיר: איך וואָלט דאָס דיר אַוואָדע געטון, נאָר איך קען דיר שווערן, אַז זייט איך לעב, איז מיין פוס אף זיין שוועל ניט געווען. יאָ, יאָ רבי, דער יצר טוב האָט מיר אַליין געזאָגט, אַז ער איז נאָך אף אייער שוועל ניט געווען...

ר' ברוכל — דו עזותניק, דו מחוצפניק... אַרויס, אַרויס... (ריטשעט, דרייט זיך אַרום). אַרויס, אַרויס... אַדער... זאָג עפּעס אַ גוט וואָרט, פאַרענטפער זיך...

הערשל — (זאָגט אים עפּעס אפן אויער).

ר' ברוכל — (שרייט אויסער די כלים) אַרויס וואַרפט אים, אַראָפּ פון אַלע טרעפּ, וואו איז דער עולם? ממיתט אים... אַזאַ חצוף...

אויפטריט אַן עולם.

אַלע — וואָס? וואָס?..

ר' ברוכל — אַזאַ מחוצף... וואַרפט אים אַראָפּ...

אַלע — וואָס האָט ער געזאָגט?

ר' ברוכל — ער האָט געזאָגט (זאָגט עפּעס שטיל)

אַלע — (וואַרפן זיך צו הערשלען מיט די קולעקעס)

ר' ברוכל — פון אַלע טרעפּ וואַרפט אים אַראָפּ. פון אַלע... (וואַרפט זיך צו אים)

אַלע — (עפענען די טיר, וואַרפן הערשלען אַרויס).

פ אַ ר ה אַ נ ג.

(דער פאַרהאַנג פאַלט, אָבער דאָס ליכט אין זאַל ווערט ניט ליכטיק, עס הערט זיך אַ רויש אונטערן פאַרהאַנג. עס קומען אַן:)

גנענדל, כייקל, סאָסיע.

סאָסיע — ווי איז מיר, וואו איז דער טאַטע? מ'זאָגט, אַז מ'האָט אים דורס געווען?..

גנענדל — געוואַלד, וואו איז ער?.. אַראָפּגעוואָרפן פון אַלע טרעפּ, ווי איז מיר...

כייקל — ווער האָט אים געהייסן זיין אַ לץ. על פי חקירה כאַפּט מען ניט קיין פעטש, וואַרפט מען ניט פון די טרעפּ...

(דער פאַרהאַנג הויבט זיך אויף)

# עפּילאָג.

(די בינע: די פּערדערשטע וואַנט און דער פּאָראָדנע אריינגאַנג צו ר׳ ברוכלס שטוב. צו דער טיר פּירן גרויסע מאַרמאָרנע טרעפּ).

הערשעלע

הערשל — (ראַנגלט זיך, דראַפּעט זיך אַרויף, בלייבט זיצן מיד, פּאַרוואָרפט דעם קאָפּ). אַפּנים צייט ווידוי צו זאָגן. (קלאַפּט זיך אין הארצן אריין) אשמנו, בגדנו... כאַטש וואָס? איך האָב געזינדיקט? איך האָב געפּעלשט? קענן מיר האָט מען געזינ־דיקט, קענן מיר האָט מען געפּעלשט... מיר האָט מען ניט געגעבן עסן, מיר האָט מען ניט געגעבן קיין מלבוש, מיר האָט מען ניט געגעבן אַף שכר לימוד... זאָל עמיצער אַנדערש זאָגן ווידוי, זאָל עמיצער אַנדערש קלאַפּן אין הארצן אריין...

אויפטריט גנענדל, סאָסיע, בייקל.

גנענדל — אַ ווייטיק איז מיר, הערשל, טאַקע פון די טרעפּ אַראָפּגעוואָרפן. אוי, טאַטע פאַטער ווי אַזוי דו זעסט אויס.

הערשל — וויי און ערב מת...

סאָסיע — אוי, טאַטע, טאַטע... (וויינט)

הערשל — אַפּנים באַשערט. עטלעכע יאָר האָט ער געשיט מיט קללות אַף מיר, האָט מיר גאָרניט פּאַרשאַדט און ווען ער און די חסידים האָבן געשיט מיט קולאַקעס האָט פּאַרשאַדט...

בייקל — ע. אַ וואָרט נעדענקט זיך, אַ פּאַטש פּאַרהייקלט זיך...

הערשל — אַז מ׳שטאַרבט ניט אין מיטן, פּאַרהיילט זיך...

סאָסיע — וואָס רעדסטו, טאַטע?.. רעד ניט אַזוי, כ׳וויל ניט אַזוינס הערן...

גנענדל — אוי, אוי, אוי...

הערשל — יאָ, יאָ, קינדערלאַך, איר דאַרפט מיר מאַכן אַ פּאָר גרויסע שטיוול, איך וועל גייען אַ ווייטן וועג. אַ וועג, אַף וועלכן ס׳איז געגאַנגען מיין טאַטע, מיין זיידע...

גנענדל — איך וועל ניט לאָזן, איך וועל ניט לאָזן... (קלאַפּט אין דער טיר אריין) רבי... גזלן, וואָס איר זענט...

בייקל — על פּי חקירה זיינען אַלע מענטשן גוט, נאַר...

סאָסיע — לאָז מיט דיין חקירה...

גנענדל — (קלאַפּט ווייטער) איר.. נו... אַ מענטש קומט אום...

איכל — (קומט אַרויס) דער רבי האָט געשיקט אין הקדש מ׳זאָל אים אַוועקטראָגן אַהין.

הערשל — אַף אַ טהרה־ברייט וויל מען מיך שוין טראָגן.

גנענדל — ניט דערלעבן וועלן מיינע שונאים... אין הקדש גאָר...

הערשל — אידענע, טענה ווייניקער. ווייסטו גאָר וואָס, גיי אַ היים און פּוץ זיך אויס.

גנענדל — טאַקע די אמתע צייט...

הערשל —יאָ, יאָ... די סאַמעטענע פּעלערינע, די פּערל, דאָס שטערנטיכל, די קרענאָלינע...

גנענדל — ביזט חסר דעה.

הערשל — פּאַרן טויט טוט מען צוליב. ניי, איך היים!

סאָסיע — טאַטע!..

גנענדל — כ׳וועל גייען דורך דער פּאָראָדנע טיר אין הויף אריין, אין די וויסטע חדרים, וואָס דער רבי האָט מיר נעגעבן. (שטופּט זיך דורך. אָפּ).

איכל — (שווייט נאָך) אַרום און אַרום קענט איר ניט גייען?

סאָסיע — ווען איר זענט געקומען ס׳ערשטע מאָל צו אונז, האָט איר אַנדערש גערעדט.

הערשל — דעמאָלט האָב איך נעדאַרפט קומען צום שיינעם אידן, צום רבין ר׳ ברוכל און היינט דאַרף איך גייען ניט פאַר אַזאַ שיינעם אידן פאַרן רבונו של עולם...

בייקל — מיטן רבין האָסטו זיך נאָך געקענט אויסטענהן, אָבער מיטן רבונו של עולם...

הערשל — ביזט טאַקע געווען, ער פּאַרשטייט דאָך נאָר חקירה. אפשר וואָלסטו געגאַנ־גען אַף מיין פּלאַץ צו אים?

אלע — (לאַכן)

הערשעלע — נישקשה, דער רבונו של עולם אליין וועט נאָך אויך לאַכן פון הערשלס אַ חכמה און ער וועט מיר דערפאַר געבן דעם בעסטן חלק פון שור הבר, פון לויתן און פון יין המשומר... דעם רבונו של עולם איז דאָרט אויך סקוטשנע...

בייקל — דאָס איז שוין ניט חקירה, נאָר איך ווייס ניט וואָס. דעם רבונו של עולם איז סקוטשנע.

הערשל — וואָס פּאַרשטייסטו ניט, טפּש? דעם רבין ר׳ ברוכל, וואָס האָט אַ פּאָר פּאַלאַצן איז סקוטשנע אַרומצוגייען אַליין און ער איז מרה שחורהדיק און ס׳פּעלט

אים א חכמה, הייגט דער רבונו של עולם, וואס דארף נעבעך ארומבלאנדזשען אין אזעלכע געזונטע זיבן הימלען....

ס א ס י ע — (זעצט זיך צו) אוי, טאטע, טאטע... וואס טוסטו און אף וועמען לאזטו אונז איבער...

ה ע ר ש ל — איך טו... (קרעכצט) עמיצער אנדערש טוט... האט געטון... קיינמאל ניט געוועזן אויבן, קיינמאל ניט אפן שפיץ און דאך... שטארבן פון אראפפאלן...

(אטעמט קוים)

ס א ס י ע — (פאכעט אים)

(פויזע)

אויפטריט גנענדל.

ה ע ר ש ל — א נו. גנענדל אויסגעפוצט, קום צו נאענטער...

נ נ ע נ ד ל — (גייט צו) אויסגעפוצט זיך צום יום טוב.

ה ע ר ש ל — שיין, שיין... מלאך המות, וואו ביזטו? ביזט א נאר, מלאך המות, וואס ווילסט מיך נעמען? איך בין דאך מיאוס... נעם זי, זי איז דאך שענער פון מיר...

נ נ ע נ ד ל — ב'וואלט טאקע געגאנגען, ווי איז מיר ניט... ווער וועט שפייזן די קינדער, ווי איז מיר ניט?..

ה ע ר ש ל — כ'האב געוואלט מיט דיר מאכן די לעצטע הכמה, ווייל... (אטעמט שווער)

א ל ע — (וויינען)

ה ע ר ש ל — נאך ניט... ווארט אביסעלע... וואס איז טויט און וואס איז לעבן? צו וואס האט דער רבונו של עולם באשאפן טויט. אז ער האט באשאפן לעבן?.. בכדי ר' ברוכל זאל אראפווארפן פון די טרעפ און מ'זאל שטארבן?..

אויפטריט ר' ברוכל.

ר' ב ר ו כ ל — (קומט ארויס) נו?..

ה ע ר ש ל — (קלאפט זיך שטיל אין הארצן, הערט אויף, אטעמט קוים) איך וועל אייך צושטעלן דארט א בענקאלע... (הויבט אן כארכלען, פארווארפט דעם קאפ).

פארהאנג. — סוף.

# ביכער

# פון יעקב באָטאָשאַנסקי

## שוין דערשינען:

„נאָך דער פאָרשטעלונג" (גראַטעסקן און בילער פון אידישן אקטיאָרן־לעבן.) 200 זייטן.

בראָשירט — — — — — — $ 1.50

געבונדען — — — — — — — $ 2.00

---

„הערשעלע אַסטראָפּאָליער" (טראַגיקאָמעדיע אין 4 אַקטן מיט אן עפּי־לאָג).

— — — — — — — — $ 1.00

---

## עס דרוקט זיך און דערשיינט אין גיכן:

„ר' בער ליעווער" היסטאָרישע דראמע אין פיר אקטן.)

— — — — — — $ 1.00

„צווישען רעוואָלוציאָנערען" (דראמע אין דריי אקטן.)

— — — — — — $ 0.75

„גאָט זיצט אויבן"... (שפּאַס אין צוויי אקטן.)

— — — — — — $ 0.50

„יונה לאנבערג און זיין טאָכטער" (נאָוועלע פון רומעניש־אידישן לעבן) 100 זייטן.

— — — — — — $ 1.00

## עס גרייט זיך צום דרוק:

„בעסאַראַביע" (לעגענדעס, מעשהס און בילדער) 200 זייטן.

— — — — — — $ 2.00

„העלדן און פארשוינען (דערציילונגען און גראָטעסקן) 200 זייטן.

— — — — — — $ 2.00

„לידלעך, מעשהעלעך, פעליטאָנען. 200 זייטן.

— — — — — $ 2.00

„מעשהלעך פון דער מיטאָלאָגיע" (כרעסטאָמאַטיע פון דער גריכישער און רוימישער מיטאָלאָגיע) 220 זייטן.

— — — — $ 2.50

מיט באַשטעלונגען זיך ווענדן:

J. BOTOSCHANSKY, Castelli 360 — Buenos Aires.